יודל מאַרק

# היסטאָרישע געשטאַלטן

ארויסגעגעבן פון דעם




ב ו ע נ אָ ס - א י ר ע ס — 1 9 5 7

# אינהאַלט:

# אַ בריוו צו די לייענערס

מיינע ליבע יונגע פריינד:

איך געדענק זייער גוט די ערשטע ביכער וואָס איך האָב געלייענט אין מיין לעבן. „כּל אגדות ישראל" („אַלע יידישע לעגענדעס") פון י. ב. לעווונער און די דערציילונגען „מגיבורי האומה" („פון די העלדן פון פאָלק") פון שלמה בערמאַן האָבן זייער טיף זיך איינגעקריצט אין מזן זכּרון. שפּעטער אַ ביסל האָב איך געלייענט „זכרונות לבית דוד" אין דער באַאַרבעטונג פון א. ש. פרידבערג. איך בין דעמאָלט געווען נאָך גאָר אַ קינד, אַ סך יינגער פון אייך. אָבער די דאָזיקע ביכער, פול מיט לעגענדעס אָדער מיט מעשׂיות וועגן יידישע העלדן און מיט אינטערעסאַנטע פּאַסירונגען, האָבן אויף מיר אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז דער איינדרוק איז געבליבן אויף דעם גאַנצן לעבן. איך האָב זיך דערוואוסט אַ סך פון יידישער געשיכטע. נאָך וויכטיקער — איך האָב אָנגעהויבן ליב האָבן אונדזער וואונדערלעכע געשיכטע און געוואָלט אַלץ מער און מער זי לערנען און זי קענען.

די ליבשאַפט צו שיינע דערהויבענע יידישע היסטאָרישע געשטאַלטן איז געבליבן איינגעבאַקן אין האַרצן אויף שטענדיק. האָב איך דעריבער, ווען איך בין שוין געווען אַ געניטער לערער, גענומען שרייבן וועגן דערהויבענע העלדן. איך האָף אַז ווען איר וועט לייענען וועגן זיי וועט איר זיי אויך ליב קריגן און וועט זיך צובינדן מיטן גאַנצן האַרצן צו אונדזער פאָלק.

ווער איז אַ העלד? אַ העלד איז פריער פון אַלץ אַ פיינער מענטש, אַ מוטיקער מענטש. זיין מוטיק איז אָבער ניט גענוג. אויך שלעכטע מענטשן קענען אַמאָל זיין מוטיק. אַ העלד איז דער וואָס האָט אַ טיפן גלויבן און וואָס טראָגט ביי זיך אין דער נשמה דאָס ליכט פון בענקשאַפט נאָך פרייהייט, דעם ווילן אַז עס זאָל זיין וואָס מער יושר אויף דער וועלט, יושר צווישן מענטש און מענטש און צווישן פאָלק און פאָלק. אַ העלד איז דער וואָס שטרעבט צו שלום. אַ העלד איז דער וואָס ווערט אַליין אין זיין לעבן אַלץ בעסער און בעסער, וואָס לערנט און קען אַלץ מער און דערנאָך פאַרשפּרייט ער צווישן אַנדערע דאָס וואָס ער לערנט. אַ יידישער העלד איז דער וואָס דינט מיט אַלע זיינע כּוחות און מיטן גאַנצן האַרצן זיין פאָלק, און דורך דעם העלפט ער אויך אַלע מענטשן. אין אַלע צייטן און אומעטום זיינען דאָ העלדן. אַ סך פון זיי זיינען

שטילע העלדן, וואָס מע ווייסט גאָרנישט וועגן זיי. אַ סך ווערן פאַר־געסענע העלדן און עס איז אַ שאָד וואָס מע ווייסט נישט וועגן דעם שיינעם לעבן וואָס זיי האָבן דורכגעלעבט.

יידישע העלדן זיינען געווען לערערס און קלוגע פירערס און וועג־ווייזערס פון פאָלק; יידישע העלדן זיינען אָפט מענטשן מיט וואונדער־לעכע חלומות וועגן אַ שיין לעבן פון יידן, פון אַלע מענטשן; זיי זיינען אָפט פאָעטן, שרייבערס, קינסטלערס; זיי זיינען אויך אַמאָל פּאָליטישע טוערס, וואָס האָבן אין זינען ניט זיך נאָר דעם וואויל פון פאָלק.

אין דעם בוך וועט איר געפינען אַ סך מעשיות וועגן אַזעלכע העלדן. איך האָב זיך געמיט אַז דאָס וואָס איך דערצייל זאָל שטימען מיט דעם וואָס עס איז באמת געווען. איך האָב אָבער דאָך אריינגענומען אומעטום לעגענדעס וועגן די היסטאָרישע געשטאַלטן, ווייל די לעגענדעס ווייזן ווי אַזוי דאָס פאָלק האָט זיך באַצויגן צו די היסטאָרישע געשטאַלטן, ווי דאָס פאָלק האָט זיי געזען און אָפּגעשאַצט. איך האָב נאָך אַ סיבה פאַר דעם: די לעגענדעס זיינען שיין און אינטערעסאַנט. איך האָף אַז אייך וועט געפעלן ווערן אָט דאָס פאַרבינדן געשיכטע מיט לעגענדע. איך האָף אַז דורך דעם וועט איר נאָך מער ליב באַקומען אונדזער פאָלק וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַזעלכע וואונדערלעכע היסטאָרישע געשטאַלטן און אַזעלכע ליכטיקע לעגענדעס.

דאָס בוך ווערט אַרויסגעגעבן דורך דעם „אַלטער ראָזענטאַל־פאָנד פאַר יידישע קינדער־ליטעראַטור". די פאַמיליע ראָזענטאַל האָט געוואָלט פאַראייביקן דעם אָנדענק פון זייער פאַרשטאָרבענעם מאַן, פאָטער, ברודער און זיי האָבן באַשלאָסן צו שאַפן דעם דאָזיקן פאָנד אויפן נאָמען פון אַלטער ראָזענטאַל, און מיטן געלט פון דעם פאָנד וועט מען אַרויסגעבן ביכער פאַר יידישע קינדער און יוגנטלעכע. דאָס איז זייער אַ שיינער אופן צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אַ פאַרשטאָרבענעם נאָענטן מענטשן.

איך האָף אַז דאָס בוך וועט אייך געפעלן און איך פאַרבלייב

מיט די פריינדלעכסטע גרוסן,

אייער,

I

# שײַן פֿון אשכּנז

רבינו גרשום, דאָס ליכט פֿון גלות.

רשי, דער געניאַלער לערער.

רבי יהודה חסיד, דער קוואַל פֿון טרייסט.

ר׳ מאיר פֿון ראָטנבורג, דער געפֿאַנגענער אין טורעם.



## דאָס ליכט פון גלות

## (960-1040)

# א. אין מיטן וועג.

דאָס איז געווען כמעט מיט טויזנט יאָר צוריק. אויף א שטויביקן וועג, ניט ווייט פון טייך ריין, איז געגאנגען א יידיש בחורל. פונווייטן האָט ער דערזען אָנקומען א מענטשן און ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן: אפשר איז דאָס א בייזער מענטש, א גזלן?

אָבער ווען דער מענטש איז געקומען נענטער, האָט דאָס בחורל געזען אז דאָס גייט א ייד. האָט ער זיך זייער דערפרייט. ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און דער עלטערער האָט געפרעגט:

— „וואוהין גייסטו, מיין יונגער פריינד?"

— „איך בין א גאָלדשמיד, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דאָ ניט ווייט, אין א שכנותדיקער שטאָט, זיצט א באַרימטער מייסטער. וויל איך זיך לערנען ביי אים און בעסער קענען מיין פאַך. און וואוהין גייט איר?"

— „איך גיי קיין ווענעציע, אין איטאַליע. פון דאָרטן וועל איך פאָרן מיט אַ שיף איבער דעם מיטלענדישן ים און נאָך דעם וועל איך גיין קיין בבל".

— „אויב איר קלייבט זיך אין אזעלכע ווייטע לענדער, האַנדלט איר אוודאי מיט טייערע שטיינער און אנדערע טייערע זאַכן. פאַר וואָס זשע גייט איר צופוס און אָרעם איז אייער אויסזען?“ — האָט דאָס בחורל זיך געוואונדערט.

— „איך האַנדל ניט מיט קיין טייערע שטיינער“ — האָט דער עלטערער געלאַסן געענטפערט. — „די יידן פון מיין שטאָט שיקן מיך קיין בבל, ווייל דאָרטן זיינען פאַראַן די גרעסטע געלערנטע לייט פון יידישן פאָלק. זיי קענען גוט דעם תלמוד. דאַרף איך גיין אַהין צו דערוויסן זיך וועגן אונדזערע יידישע געזעצן“.

— „עס זיינען דאָך פאַראַן אַזוי פיל יידן אין אַלע שטעט ביים מיין און אַרום ריין. דאַרף מען גיין אַזוי ווייט זיך צו דערוויסן וועגן יידישע געזעצן?“ — האָט דאָס בחורל ניט געקענט פאַרשטיין.

— „מיר גייען דאָ אַרום ווי אין דער פינצטער, אָן ליכט פון וויסן“, —האָט דער עלטערער אָפּגעזיפּצט.— „ווייל מען וויסן, מוז מען גיין קיין בבל, פאַרפאַלן!“

— „זאָל זשע גאָט באַגליקן אייער וועג“, — האָט דאָס בחורל פרום צוגעוואונטשן.

— „ווער דער בעסטער גאָלדשמיד אין לאַנד!“ — האָט דער על־טערער זיך צעשיידט מיטן בחורל...

ווען דאָס בחורל איז ווייטער געגאַנגען, האָט ער געטראַכט: פאַרוואָס דאַרפן אַזוי פיל יידן אַרום דעם טייך ריין אָנקומען צו די געלערנטע לייט פון בבל? ער וועט זען צו העלפן יידן פון אָט דעם לאַנד! ער וועט זען צו ווערן ניט נאָר אַ גוטער גאָלדשמיד — ער וועט ווערן אַ גרויסער יידישער געלערנטער, אַזאַ גרויסער, אַז ער וועט אָנווייזן ווי צו לעבן נאָכן יידישן געזעץ נאָך.

אַזוי האָט ער געטראַכט און ניט באַמערקט, אַז אָט זעען זיך שוין די טורעמס פון דער שטאָט וואוהין ער גייט.

# ב. דאָס ליכט פון גלות.

און דאָס בחורל האָט געלערנט די קונסט פון אַ גאָלדשמיד. ער האָט געהאַט פלינקע הענט און אַ גרויסן חשק זיך צו לערנען, און ער האָט דערגרייכט וואָס ער האָט געוואָלט. ער איז געוואָרן זייער אַ

גוטער גאָלדשמיד. ער האָט פאַרשטאַנען אַלע אַרבעטן פון אַ גאָלד־שמיד, און פון זיינע הענט פלעגט איטלעכע אַרבעט אַרויסקומען וואונדערלעך שיין.

און דאָס בחורל האָט אויך געלערנט יידיש ווישן. ער האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ און אַ גרויסן חשק זיך צו לערנען און ער האָט דערגרייכט וואָס ער האָט געוואָלט. ער איז געוואָרן אַ גרויסער געלערנטער. ער האָט פאַרשטאַנען אַלע געזעצן פון תלמוד, און אַלע אומקלאָרע שטעלן און אַלע שווערע פראַגעס האָט ער געקענט פאַרענטפערן איינפאַך און קלאָר.

ער האָט זיך געלערנט אין דער אַלטער שטאָט מיינץ. דאָס איז געווען די איינציקע שטאָט אין דייטשלאַנד וואו דאָס יידישע ווישן האָט זיך אַ ביסל געהאַט באַפעסטיקט. מיט הונדערט יאָר צוריק פאַר אונדזער מעשה האָט אַ קיניג, דער זון פון קאַרל דעם גרויסן, פון שאַרלעמאַן, געבראַכט פון איטאַליע אַ גרויסן יידישן געלערנטן מיט זיינע צוויי זין. זיי האָבן זיך באַזעצט אין מיינץ, און זיי האָבן פאַר־פלאַנצט אין מיינץ יידיש ווישן.

אָבער ווען דאָס בחורל איז אויסגעוואַקסן, האָט ער איבערגעע־שטיגן זיין רבין אין מיינץ. ער איז געוואָרן מער געלערנט ווי ווער ניט איז פאַר אים ביי די ברעגן פון טייך ריין. ער איז געוואָרן זייער באַרימט. מען איז שוין צו אים געקומען פרעגן וועגן די יידישע גע־זעצן פון תלמוד, מען איז געקומען צו אים פון נאָענט און פון ווייט.

יידן וואָס האָבן געוואוינט ביי די ברעגן פון טייך ריין אָדער ניט ווייט פון ריין האָבן איצט זיך זייער געפרייט, וואָס מע דאַרף שוין ניט אָנקומען צו די געלערנטע פון דעם ווייטן בבל. זיי האָבן איצט אַזוי געזאָגט:

„עס האָט אויפגעשיינט אַ ליכט פאַר אונדז, אַ ליכט וואָס באַ־לייכט אונדזער פינצטערניש, וואָס באַלייכט אונדזער גלות!"

און מיט גרויס דרך־ארץ און מיט גרויס ליבשאַפט האָבן זיי אָנ־גערופן זייער געלערנטן און פירער —

„ר ב י נ ו  ג ר ש ו ם ,  מ א ו ר  ה ג ו ל ה" —

„ר ב י נ ו  ג ר ש ו ם ,  ד אָ ס  ל י כ ט  פ ו ן  ג ל ו ת".

יידן האָבן געלעבט נאָך די יידישע געזעצן פון תלמוד. אָבער בי־כער פלעגט מען יעמאָלט ניט דרוקן. מען האָט זיי איבערגעשריבן.

און ווען מען שרייבט איבער, כאַפּן זיך אַריין גרייזן. האָט רבינו גרשום פאַרריכט די גרייזן, וואָס זיינען צופעליק אַריין אין תלמוד. זיינען יידן געווען שטאַלץ מיט רבינו גרשום און האָבן געפאָלגט אַלץ וואָס ער האָט געהייסן.

## ג. מע טאָר ניט לייענען פרעמדע בריוו

רבינו גרשום האָט געקענט ניט נאָר די אַלטע געזעצן, ער האָט אויך געקענט דאָס לעבן. ער האָט געזען אַז עס זיינען נייטיק נייע געזעצן. רבינו גרשום האָט ליב געהאט מענטשן און זיינע נייע געזעצן האָבן געהאט איין ציל: צו העלפן מענטשן, בעסער און גרינגער צו מאַכן זייער לעבן.

ער האָט ניט געהאַט קיין מאַכט, ער האָט ניט געהאַט קיין פּאָליציי. ער איז ניט געווען קיין פירשט איבער יידן, ער איז נאָר געווען אַ גרויסער געלערנטער. און דערפאַר טאַקע האָבן אים יידן אין אַלץ געפאָלגט.

קיין פּאָסט איז יעמאָלט ניט געווען. און ווער האָט דאָס געקענט שרייבן אָדער לייענען בריוו? אָבער יידן האָבן געקענט לייענען און שרייבן אַ סך מער ווי ניט-יידן, און יידן האָבן געהאַנדלט און געדאַרפט דורך בריוו אָנזאָגן וויכטיקע זאַכן. נו, האָט אָבער ניט איין מאָל געטראָפן, אַז דער מענטש, דורך וועמען מע שיקט דעם בריוו, לייענט אים דורך און זאָגט אויס די סודות פון בריוו.

האָט רבינו גרשום אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, אַז מע טאָר ניט לייענען קיין פרעמדע בריוו. רבינו גרשום האָט ניט געהאַט קיין מאַכט פון אַ קיניג, אָבער אַלע יידן האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. עס איז געווען געזונג, אַז ער האָט געלאָזט אויסרופן, אַז לייענען פרעמדע בריוו איז אַ זינד און אַז דער וואָס וועט עס טאָן וועט ווערן אויסגעשלאָסן פון צווישן יידן. אַלע אָרנטלעכע לייט זיינען געווען זייער צופרידן פון אַזאַ געזעץ.

# ד. מע טאָר ניט זיין צו שטרענג.

ווען רבינו גרשום האָט געלעבט, איז ניט געווען גאָר ביטער פאַר יידן. אָבער עס איז דאָך געווען גענוג שלעכט!

דאָס קען מען זען פון די לידער וואָס רבינו גרשום האָט אָנגע־שריבן. אין איינעם פון זיינע לידער קלאָגט ער זיך:

„די הייליקע שטאָט און איר גאַנצע אומגעגנט זיינען געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט, אַלע אירע אוצרות — געראויבט און פאַרלאָרן. נאָר איינס איז אונדז געבליבן — די הייליקע תורה!"

„דעם בונד וואָס דו האָסט געשלאָסן מיט אונדזערע אָבות, דיין גרויס גענאָד און רחמנות פון אייביקע צייטן זאָלסטו געדענקען, ווייל מיר זיינען געפּייניקטע און געיאָגטע, ווייל מיר ווערן צוליב דיר יעדן טאָג געשאָכטן".

אויך אין רבינו גרשומס צייטן פלעגט זיך טרעפן אַז מען האָט געצוואונגען יידן אָנצונעמען דעם קריסטלעכן גלויבן. עס פלעגט זיך טרעפן: כּדי צו ראַטעווען דאָס לעבן פלעגן טייל יידן אַ געוויסע צייט זיך פאַרשטעלן, אַז זיי האָבן אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן, און ווי נאָר זיי האָבן געקענט, זיינען זיי ווידער אָפן געוואָרן יידן.

האָבן די פרומע און די שטרענגע מער ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע שוואַכע. האָט רבינו גרשום געזאָגט, אַז מע דאַרף אַזעלכע שוואַכע מענטשן ניט אָפּשטויסן. האָט מען אויפגעהערט זיך צו באַציען אַזוי שטרענג צו אַזעלכע אומגליקלעכע און מען האָט זיי ווידער אויפגענומען ווי אייגענע.

# ה. דער שווערער טראַן.

אָבער רבינו גרשום אַליין האָט ניט געליטן. ער האָט זיך גע־לעבט רואיק. ער האָט גוט פאַרדינט, ווייל ער איז דאָך געווען אַ באַרימטער גאָלדשמיד. אין דער פרייער צייט האָט ער געלערנט מיט תּלמידים און געענטפערט אויף פראַגעס וועגן יידישע געזעצן.

ווען רבינו גרשום דעם גאָלדשמיד דערציילט מען אַזאַ שיינע מעשׂה:

דער קיניג פון שטאָט וואו רבינו גרשום האָט געלעבט האָט איין מאָל געלאָזט רופן צו זיך דעם באַרימטן גאָלדשמיד און געזאָגט צו אים:

— „איך וויל האָבן אַ נייעם טראָן. וויל איך, דו זאָלסט מיר מאַכן אַזאַ שיינעם טראָן ווי דער קיניג שלמה האָט געהאַט".

— „איך וואָלט עס געקענט מאַכן", — האָט רבינו גרשום געענטפערט, — „אָבער מע דאַרף דערצו זייער אַ סך גאָלד און זילבער און טייערע שטיינער".

— „דו וועסט קריגן גאָלד און זילבער און טייערע שטיינער, וויפל דו וועסט דאַרפן. איך האָב זיי גענוג!"

— „אָבער איך קען דעם טראָן ניט מאַכן אַליין", — האָט רבינו גרשום אָנגעוויזן, — „איך וועל דאַרפן אַ סך געהילפן. ווי קען איך וויסן, צי זיי וועלן אַלע זיין אָרנטלעך? ווי קען איך שפּעטער ענט־פערן פאַר זיי?"

— „זאָרג זיך ניט", — האָט דער קיניג אים באַרואיקט, — „איך גלייב אין דיין ערלעכקייט. זע נאָר דער טראָן זאָל זיין וואָס שענער!"

רבינו גרשום האָט לאַנג געאַרבעט איבערן טראָן. ער האָט אים באַפּוצט מיט אַ סך גאָלד און זילבער און טייערע שטיינער. זיין גאַנ־צע קונסט האָט ער אין דעם טראָן אַריינגעטאָן. און דער טראָן איז אַרויסגעקומען וואונדערלעך שיין און האָט פאַרכאַפּט דאָס אויג.

נאָר איין חסרון האָט דער טראָן געהאַט: ער איז געווען אַזוי שווער, אַז אין גאַנצן לאַנד איז ניט געווען קיין גענוג גרויסע וואָג אָפּצוּוועגן דעם טראָן און צו זען, צי ער האָט טאַקע אין זיך גאָר דאָס גאָלד און זילבער און טייערע שטיינער, וואָס מען האָט דעם גאָלדשמיד געגעבן.

מען האָט געמאַכט אַ גרויסן יום־טוב לכּבוד דעם נייעם טראָן. מען האָט איינגעשפּאַנט אפשר הונדערט פערד, ווען מען האָט געפירט דעם טראָן אין פּאַלאַץ אַריין. דער צופרידענער קיניג האָט זיך גע־ווענדט צום גאָלדשמיד:

— „זאָג מיר איצט, מיט וואָס זאָל איך דיך באַלוינען פאַר דיין וואונדערלעכער אַרבעט?"

— „איך דאַרף קיין זאַך ניט. איך וויל נאָר, דער קיניג זאָל צוזאָגן, אַז ער וועט אַלע מאָל גוט זיין צו יידן״, — אַזוי האָט רבינו גרשום געענטפערט.

— „איך זאָג עס צו!״ — האָט דער קיניג אויסגערופן.

לעבן קיניג איז געשטאַנען אַ פּרינץ וואָס האָט פיינט געהאַט יידן און גאָר שטאַרק פיינט געהאַט דעם יידישן געלערנטן. האָט ער שטיל געזאָגט צום קיניג:

— „מיינט טאַקע דער קיניג, אַז דער ייד האָט געאַרבעט אומזיסט? ער האָט זיך גענוג אָנגעגנבעט!״

— „זאָל דער פּרינץ מיר זאָגן, ווי אַזוי אָפּצואוועגן דעם טראָן, ווען אין גאַנצן לאַנד איז ניטאָ קיין גענוג גרויסע וואָג דערצו״, — האָט דער קיניג אים געענטפערט.

דער פּרינץ האָט אָבער ניט געוואוסט, ווי מע קען עס טאָן. איז ער רויט געוואָרן, אַנטשוויגן געוואָרן און באַשלאָסן צו נעמען נקמה פון רבינו גרשום.

# ו. איבער צוויי ווייבער.

אין יענער צייט האָבן יידן נאָך געהאַט מער ווי צו איין ווייב. אַ סך יידן האָבן געהאַט צוויי ווייבער. אַזוי האָט מען זיך געפירט. אויך רבינו גרשום האָט געהאַט צוויי ווייבער. איינע האָט געהייסן שׂרה און די צווייטע — לאה. שׂרהן האָט ער זייער ליב געהאַט. דאָס האָט לאהן זייער פאַרדראָסן.

לאה האָט ליב געהאַט זיך צו פּוצן. האָט דער פּרינץ צוגעזאָגט לאהן אַ סך צירונג, זי זאָל זיך דערוויסן ביי איר מאַן, ווי אַזוי מע קען אָפּוועגן דעם טראָן.

דעם זעלביקן אָוונט האָט לאה געפרעגט איר מאַן וועגן דעם. האָט ער ניט געוואָלט ענטפערן. אָבער זי האָט אַזוי לאַנג געוויינט, אַז ער האָט איר אויסגעזאָגט:

— „מע זאָל אַ ליידיקע שיף לאָזן שווימען אויפן וואַסער און אָנצייכענען מיט אַ שטריך, ווי טיף זי זיצט אין וואַסער. נאָך דעם זאָל מען דעם שווערן טראָן אַריינהייבן אין שיף. די שיף וועט זיך אַראָפּלאָזן טיפער אין וואַסער. זאָל מען אָנצייכענען מיט אַ צווייטן

שטריך די נייע ליניע פון וואַסער. ווען מע וועט אַרויסנעמען דעם טראַן, וועט די שיף אַרויף צו דעם ערשטן שטריך. איצט זאָל מען לייגן אין שיף אַזוי פיל שטיינער, ביז זי וועט קומען צוריק צום צווייטן שטריך. אַז מע וועט אָפּוועגן די שטיינער באַזונדער און צו־נויפרעכענען זייער וואָג, וועט מען שוין וויסן וויפל עס וועגט דער טראַן".

לאה האָט דאָס דערציילט דעם פּרינץ. דער פּרינץ איז געקומען מיט דעם פּלאַן צום קיניג. דער קיניג האָט געהייסן טאָן ווי דער פּרינץ האָט פאָרגעלייגט. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער טראַן וועגט ווייניקער ווי דאָס גאָלד, דאָס זילבער און אַלע טייערע שטיינער, וואָס רבינו גרשום האָט געקראָגן.

דער קיניג איז געוואָרן זייער אין כּעס. ער האָט פאַרגעסן וואָס רבינו גרשום האָט אים געזאָגט וועגן זיינע געהילפן. ער האָט ניט געלאָזט, רבינו גרשום זאָל זיך קענען פאַרטיידיקן. מען האָט געכאַפּט דעם גאָלדשמיד און אים פאַרשפּאַרט אין אַן איינזאַמען טורעם וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ קליין אינדזעלע אין טייך ריין. רבינו גרשום וואָלט דאָרטן געשטאָרבן פון הונגער.



אָבער זיין ווייב שׂרה האָט ניט גערוט, ביז זי האָט זיך דערוואוסט וואו מען האָט אַוועקגע־שלעפּט איר מאַן. ביי־נאַכט האָט זי גענומען אַ שיפל, צוגעפאָרן צום אינדזל, צוגעקומען צום טורעם און אָנגעהויבן שרייען:

—„מיין טייערער מאַן, מיין גרשום, דיין ווייב שׂרה רופט צו דיר!"

רבינו גרשום האָט דערהערט די שטים, איז ער אַרויף אויפן שפּיץ טורעם און — זעט: זיין ווייב שׂרה שטייט אונטן און רופט אים!

שׂרה האָט צעריסן איר טוך און איר העמד און געמאַכט אַ

שטריק. זי איז אַרויף אויף אַ בוים, צוגעבונדן אַ שטיין צום עק פון שטריק און אַ וואָרף געטאָן צו איר מאַן. רבינו גרשום האָט געכאַפּט דעם עק שטריק, אַ צי געטאָן צו זיך דעם שטריק, געמאַכט זיך אַ לייטער און אַראָפּ פון טורעם.

# ז. די מוראַשקע האָט געראַטעוועט.

פאַר דער פאָלקס־מעשה איז אָבער ווייניק געווען אַז רבינו גרשום זאָל געראַטעוועט ווערן אויף אַ פּשוטן אופן. האָט מען דערציילט די מעשה אַ סך שענער:

דער טורעם אין וועלכן עס איז געזעסן רבינו גרשום איז געווען זייער אַ הויכער און זיין געטרייע ווייב שׂרה האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי אים צו העלפן אַראָפּקומען פון דאָרטן. האָט זי דערזען אַ מוראַש־קע! האָט זי גענומען די מוראַשקע און זי צוגעבונדן צו אַ שטרויעלע. אויפן שפּיץ שטרויעלע איז געווען אַ טראָפּן האָניק. די מוראַשקע האָט געוואָלט דעם טראָפּן האָניק, איז זי געקראָכן אַלץ העכער און העכער.

צום שטרויעלע וואָס די מוראַשקע האָט געטראָגן אויפן רוקן איז געווען צוגעבונדן אַ פאָדעם, צום פאָדעם — אַ דין שטריקל, צום דינעם שטריקל — אַ גרעבער שטריקל, צום גרעבערן שטריקל — אַ גראָבער שטריק. ווען די מוראַשקע איז געקומען צום שפּיץ טורעם, האָט רבינו גרשום אָנגענומען דעם פאָדעם און אַרויפגעצויגן דאָס דינע שטריקל, דאָס גרעבערע שטריקל, דעם גראָבן שטריק און איז אַראָפּ פון טורעם מיט דער הילף פון שטריק.

אַזוי צי אַזוי — רבינו גרשום איז אַ געראַטעוועטער! ער און זיין ווייב שׂרה זיינען צוויי טעג און צוויי נעכט געפאָרן מיט אַ שיפל איבער דעם טייך ריין, ביז זיי זיינען געקומען אין אַ ווייטער שטאָט, וואָס האָט געהערט צו אַן אַנדער קיניג. דאָרטן האָט רבינו גרשום זיך באַזעצט.

ער האָט פאַרשטאַנען פון וואַנעט זיין אומגליק איז געקומען. און די אומטרייע לאה האָט זיך שוין געשעמט צוריקצוקערן צו איר מאַן. האָבן רבינו גרשום און זיין ווייב שׂרה רואיק און גליקלעך געלעבט.

# ח. דאָס וויכטיקסטע געזעץ.

נאָך דער מעשׂה האָט רבינו גרשום אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, אַז אַ ייד מעג האָבן נאָר איין ווייב. און אַלע יידן האָבן אים געפאָלגט.

רבינו גרשום האָט אויך איינגעשטעלט אַז גטן אַ ווייב מעג מען נאָר אין דעם פאַל, ווען זי שטימט איין צו דעם. האָבן אַלע יידישע פרויען אים געהאַלטן פאַר זייער גרויסן פאַרטיידיקער און באַשי-צער.

רבינו גרשומס געזעצן זיינען פאַרבליבן געזעצן ביי יידן ביז צום היינטיקן טאָג. נאָך אים איז דאָס יידישע וויסן אין לענדער וואָס הייסן איצט דייטשלאַנד און פראַנקרייך געוואַקסן און געוואַקסן. זיי-נע תּלמידים און די תּלמידים פון זיינע תּלמידים האָבן באַרימט גע-מאַכט די יידישע קהילות אין די געגנטן אַרום דעם טייך ריין ווי ערטער פון תּורה און גרויסער געלערנטקייט.



### דער געניאַלער לערער

### (1105-1040)

# א. טייערער פון אַ דימענט.

דאָס האָט פּאַסירט מיט ניין הונדערט יאָר צוריק.

אין דער שטאָט וואָרמס, ביים טייך ריין, האָט געלעבט זייער אַ געלערנטער און זייער אַן אָרעמער ייד מיטן נאָמען ר׳ י צ ח ק. אָבער ר׳ יצחקן האָט ניט געאַרט וואָס ער איז אַזוי אָרעם. ער האָט נאָר געהאַט צער פון דעם וואָס זיין ווייב האָט אים קיין קינדער ניט געבאָרן. פלעגט ר׳ יצחק אַרויסגיין הינטער דער שטאָט, קיינער זאָל אים ניט שטערן, און בעטן גאָט, ער זאָל אים צושיקן קינדער.

איין מאָל ווען ער איז צוריקגעגאַנגען, האָט ער באַמערקט אויף דער ערד אַ שטיינדל וואָס האָט געבלאַנקט און געבליצט. ער האָט עס אויפגעהויבן און געזען אַז עס איז אַ דימענט. האָט ער זיך דער־פרייט און אַוועקגעטראָגן דעם דימענט צום יואַוועלירער. האָט דער יואַוועלירער געזאָגט, אַז ער האָט נאָך קיין מאָל אַזאַ גרויסן דימענט ניט געזען און אַז מע קען קריגן פאַר אים אַ סך, אַ סך געלט.

דער בישאָף פון וואָרמס האָט גראָד געזוכט אַ גרויסן דימענט. ער האָט איין דימענט געהאַט און געדאַרפט אַ צווייטן, כדי אַריינצו־שטעלן אויגן אין אַ הייליקן בילד. ער האָט געוואָלט אָפּקויפן דעם דימענט ביי ר׳ יצחקן. אָבער וויפל געלט ער האָט ניט אָנגעבאָטן, האָט ר׳ יצחק זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרקויפן אים דעם דימענט. אַזוי ווי ר׳ יצחק האָט מורא געהאַט, מע זאָל איבערגוואַלד ניט צונעמען פון

אים דעם דימענט, איז ער אַוועק צום טײַך רײַן און האָט אַרײַנגע־וואָרפן דעם דימענט אין וואַסער אַרײַן.

האָט ער דערהערט אַ שטים פון הימל: „דערפאַר וואָס דו האָסט אַוועקגעוואָרפן דעם דימענט וועט בײַ דיר געבאָרן ווערן אַ זון וואָס וועט שײַנען איבערן גאַנצן ייִדישן פאָלק אַ סך שטאַרקער ווי אַלע דימענטן פון דער וועלט".

און דאָס זעלביקע יאָר איז בײַ ר׳ יצחקן געבאָרן געוואָרן אַ זון וואָס ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן ש ל מ ה. אָבער דאָס קינד איז שוין געבאָרן געוואָרן ניט אין וואָרמס, נאָר אין טרואַ, אין פראַנק־רײַך.

# ב. אַ וואַנט בײַגט זיך אויס.

אָבער די מעשׂה, זאָגט מען, האָט זיך געטראָפן נאָך אין וואָרמס:

ווען ר׳ יצחקס ווײַב האָט זיך געקליבן צו האָבן אַ קינד, איז איר אויסגעקומען צו זײַן אויף איינער פון די גאַסן פון דער אַלטער שטאָט. די גאַסן זײַנען געווען זייער שמאָלע, און דאָ שטויסן זיך צונויף צוויי פורן וואָס קומען אָן פון פאַרשיידענע זײַטן. די פרוי האָט אין שרעק זיך צוגעשפּאַרט צו אַ וואַנט און... די וואַנט האָט זיך אויסגעבויגן כּדי צו מאַכן אָרט פאַר איר, זי זאָל ניט געשעדיקט ווערן.

ר׳ יצחק האָט מורא געהאַט, אַז איצט וועט מען באַשולדיקן זײַן ווײַב אַז זי איז אַ כּישוף־מאַכערין. איז ער מיט איר אַוועק קיין טרואַ. דאָרטן איז שלמה געבאָרן געוואָרן.

אָט מיט וואָסערע שײנע מעשׂיות עס איז ארומגערינגלט דאָס געבאָרן־ווערן פון רשין.

וואָס באַדײַט אָבער דאָס וואָרט רשי?

דאָס זײַנען די ערשטע אותיות פון די ווערטער:

**ר** ב י
**ש** ל מ ה
**י** צ ח ק י.

און די שײנע מעשׂיות האָט דאָס פאָלק צוגעקלערט, ווײַל מען האָט רשין זייער ליב געהאַט. יעדער ייִד האָט געוואוסט ווער רשי

איז געווען, אַלע האָבן געלערנט וואָס רשי האָט געשריבן. ווי נאָר קינדער האָבן זיך אויסגעלערנט לייענען און מען האָט אָנגעהויבן צו לערנען חומש — האָט מען שוין געהאַט צו טאָן מיט רשין, מען האָט שוין געלערנט וואָס „רשי מאַכט”. רשי איז הונדערטער, הונדערטער יאָרן געווען דער סאַמע באַוואוסטער, דער סאַמע פּאָפּולערער גע־לערנטער ביי יידן.

# ג. רשים וואַנדערונגען.

ביז 14־15 יאָר פון זיין לעבן האָט רשי געלעבט ביי זיינע על־טערן אין דער שטאָט טרואַ. אָבער ער האָט שוין דאָרטן מער ניט געהאַט ביי וועמען זיך צו לערנען. איז ער אַוועק זוכן וויסן אין אַנ־דערע שטעט.

פריער איז ער אויסגעווען אין די שטעט ביי די ברעגן פון טייך ריין, נאָך דעם אין אַנדערע שטעט פון דייטשלאַנד. נאָך דעם האָט ער זיך געלאָזט איבער דער וועלט, איז געקומען אין ווייטע לענדער, געווען אין עגיפּטן, אַוועק אין מזרח־לענדער.

אומעטום האָט רשי געלערנט תלמוד, אָבער ער האָט אויך גע־שטודירט אַנדערע זאַכן: שפּראַכן, מעדיצין, מאַטעמאַטיק. ער איז נאָך געווען אַ יונגער מענטש, ווען ער האָט שוין געהאַט אַריינגענומען אין זיין קאָפּ דאָס גאַנצע דעמאָלטיקע יידישע און אויך ניט־יידישע וויסן.

אַ סך יאָרן האָט רשי אַרומגעוואַנדערט. פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן? דערציילט מען אַז רשי האָט מיט דעם געוואָלט אויסקויפן אַ זינד.

ווי קומט צום יונגן רשין אַ זינד?

ער האָט געוואוסט אַז צוליב אים האָט זיין פאָטער פאַרלאָרן אַ טייערן דימענט. האָט ער מורא געהאַט, אַז זיין פאָטער קען עס אפשר נאָך אַמאָל פאַרדריסן, און דאָס וועט דאָך זיין צוליב אים! האָט ער, הייסט עס, ניט ווילנדיק געמאַכט אַז דער פאָטער זאָל קענען האָבן האַרצווייטאָג איבער אים, איז עס דאָך אַ גרויסע זינד. זאָל ער אויס־קויפן די זינד דורך דעם וואָס ער וועט אַרומוואָגלען, אָפּקומען אין

דער פֿרעמד! און זאָל ער ווערן אַזאַ גרויסער געלערנטער, אַז זיין פֿאָטער זאָל קיין מאָל ניט דאַרפֿן פֿאַרדריסן איבער דעם פֿאַרלאָרענעם דימענט!

האָט רש״י אַרומגעוואַנדערט איבער דער וועלט אין זיינע בעסטע יוגנט־יאָרן. איבער צען יאָר האָט ער געוואַנדערט.

# ד. אַ פֿריינד אַ גלח.

אויף זיינע וואַנדערונגען האָט רש״י זיך געטראָפֿן מיט אַ גלח, מיט וועמען ער האָט געהאַט אַ סך שמועסן וועגן דעם, וואָסער גלויבן איז ריכטיקער: דער ייִדישער אָדער דער קריסטלעכער.

ווען אָט דער גלח איז געפֿערלעך קראַנק געוואָרן, האָט רש״י אים זייער געטריי באַדינט און אים געהאָלפֿן געזונט ווערן. ווען דער גלח איז געזונט געוואָרן, האָט ער זיך געווענדט צו רש״ין:

— „איך וואָלט קיין מאָל ניט געגלייבט, אַז אַ ייִד קען זיין אַזוי גוט צו אַ קריסט. מיט וואָס זאָל איך דיר אָפּדינען?״

— „איך דאַרף קיין זאַך ניט. געדענק נאָר וועגן דעם און זע צו העלפֿן אַ ייִדן, ווען אַ ייִד איז אין נויט!״

אויף זיין צוריקוועג איז רש״י געקומען אין דער שטאָט פּראָג. די ייִדן פֿון פּראָג האָבן מיט גרויס שׂמחה אויפֿגענומען דעם טייערן גאַסט, ווייל רש״י האָט שוין געהאַט אַ נאָמען איבער דער וועלט ווי אַ גרויסער געלערנטער. דער פֿירער פֿון די פּראָגער ייִדן האָט אים אַריינגענומען צו זיך אין שטוב. אָבער דעם בייזן הערשער פֿון פּראָג האָט פֿאַרדראָסן, פֿאַרוואָס ייִדן פֿרייען זיך אַזוי. האָט ער געהייסן אַרעסטירן רש״ין און ברענגען צו זיך. דער הערשער פֿון פּראָג האָט אויך גערופֿן צו זיך דעם בישאָף, כּדי יענער זאָל מיט זיין וויסן פֿאַר־שעמען דעם ייִדן.

אָבער ווי פֿאַרוואונדערט איז ער געוואָרן, ווען דער בישאָף און דער פֿרעמדער ייִד האָבן זיך באַגעגנט ווי אַלטע גוטע פֿריינד! עס לאָזט זיך אויס, אַז דער בישאָף פֿון פּראָג איז געווען יענער גלח וואָס רש״י האָט אים אויסגעהיילט. רש״י איז גלייך באַפֿרייט געוואָרן און די פּראָגער ייִדן האָבן נאָך מער שטאָלצירט מיט אים.

# ה. רשים פאַמיליע.

דער פירער פון די פּראַגער יידן האָט געהאַט אַ יונגע און זייער שיינע טאָכטער. זי האָט זיך פאַרליבט אין דעם פרעמדן און זיי האָבן חתונה געהאַט. רשי האָט גענומען זיין יונגע ווייב און זיך באַזעצט מיט איר אין זיין געבוירן־שטאָט טרואַ. דאָרטן האָט ער איצט אַליין געעפנט אַ ישיבה, אַ שול צו שטודירן תלמוד, און רשים נאָמען ווי אַ לערער איז געוואָרן אַלץ מער און מער באַרימט ביי יידן. פון די ווייטסטע לענדער פלעגן אָנקומען פראַגעס וועגן געזעצן. רשי פלעגט אַלץ קלאָר ענטפערן.

אָבער רשי האָט ניט געלעבט פון נעמען געלט ביי זיינע תלמידים. ער האָט געהאַט אַ וויינגאָרטן. ווען די ווייַנטרויבן פלעגן ווערן צייטיק, פלעגט ער צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע אַראָפּנעמען די טרויבן. מען האָט פאַרקויפט די ווייַנטרויבן און אויך דעם וויין וואָס מען האָט געמאַכט פון זיי, און דערפון האָט רשי געלעבט זייער באַשיידן.

קיין זין האָט רשי ניט געהאַט, אָבער זייער געראָטענע און געלערנטע טעכטער. זיינע איידעמס זיינען געווען באַוואוסטע געלערנטע און נאָך גרעסער פון זיי זיינען געוואָרן רשים אייניקלעך. אויף דער עלטער האָט רשי זייער אַ סך נחת געהאַט פון זיינע אייניקלעך. דער עלטסטער אייניקל האָט אַפילו אַרויסגעהאָלפן דעם זיידן און פלעגט זיך אַמפערן מיטן זיידן. די אייניקלעך האָבן פאַרענדיקט דעם טייל אַרבעט וואָס דער זיידע האָט געלאָזן אין מיטן, ווען ער איז געשטאָרבן.

צו רשים פאַמיליע דאַרף מען צורעכענען אויך זיינע תלמידים. ער איז געווען אַזוי ווי אַ פאָטער צו זיינע תלמידים און זיי צו אים — ווי קינדער. די תלמידים האָבן זייער רבין ליב געהאַט. נאָך מער — זיי האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַ הייליקן. זיי האָבן געשלונגען איטלעכס וואָרט זיינס, פאַרשריבן זיינע רייד, זיינע ענטפערס אויף פאַרשיידענע פראַגעס און ווי אַזוי ער האָט זיך געפירט.

רשים תלמידים האָבן זיך צעשפּרייט איבער גאַנץ דייטשלאַנד און פראַנקרייך און גרויס געמאַכט דעם נאָמען פון זייער רבין.

# ו. טינט וואָס איז טייערער פון גאָלד.

איבער דרייסיק יאָר איז רשי געזעסן אין טרואַ און האָט בים־לעכווייז צוגעגרייט זיינע גרויסע ווערק. דאָס זיינען געווען דערקלע־רונגען צום תּלמוד און צום חומש.




ביז רשין איז שווער געווען צו לערנען דעם תּלמוד. די שפּראַך האָט מען שוין ניט פאַרשטאַנען. די זאַכן וואָס ווערן דאָרטן באַ־טראַכט זיינען שווערע, אומקלאָ־רע. האָט מען אָפט געבלאָנדזשעט, ניט געוויזאוסט דעם ריכטיקן באַ־טייט. איז געקומען רשי מיט זיין דערקלערונג און האָט אַלץ קלאָר געמאַכט!

רשי האָט געהאַט אַ וואונ־דערלעכן קלאָרן שׂכל. ער האָט פאַרשטאַנען די שווערסטע שטעלן פון תּלמוד. און ער האָט אויך געקענט דערקלערן די סאַמע פאַרדרייטע זאַכן. מיט איין וואָרט באַ־לייכט ער אַ מאָל אַ גאַנצן ענין. רשי דרייט ניט מיטן גראָבן פינגער, ער פאַרדרייט ניט דעם קאָפּ מיט איבעריקע רייד, מיט זייטיקע זאַכן.

רשים ווערטער זיינען געציילטע. ער זאָגט קיין מאָל ניט אין צוויי זאַצן וואָס מען קען זאָגן אין איין זאַץ. רשי איז קורץ און קלאָר. ער פאַרטייטשט די שווערע ווערטער, ער דערקלערט וועגן וואָס עס רעדט זיך. און אַלץ טוט ער עס אַזוי פּשוט, אַזוי פאַרשטענדלעך. ער פירט פאַר דער האַנט אין דער פינצטער, ער לאָזט ניט בלאָנדזשען.

איין מאָל איז רשי קראַנק געוואָרן. האָט ער געזאָגט זיין עלטסטן אייניקל, אַז ער זאָל פאַרענדיקן די דערקלערונג פון איין טייל, פון איין פּרק, אין תּלמוד, וואָס רשי האָט געהאַט אָנגעהויבן פאַרן קראַנק ווערן.

דאָס אייניקל האָט מיט חשק זיך גענומען צו דער אַרבעט. ווען רשי איז געזונט געוואָרן, האָט ער אים געבראַכט אַ גאַנצן באַרג פּאַ־

פיר וואָס ער האָט פאַרשריבן צו דערקלערן יענעם טייל און מיט שטאָלץ געוויזן:

— „זע, זיידע, וויפל איך האָב אָנגעשריבן!"

רשי האָט גענומען אין האַנט אַריין דעם גאַנצן פּאַק פּאַפּירן און מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— „ווען דו וועסט אַזוי דערקלערן דעם גאַנצן תּלמוד, וועט מען די דערקלערונג צום גאַנצן תּלמוד דאַרפן פירן אויף אַ וואָגן!"

רשים קונסט איז גראָד באַשטאַנען אין זאָגן אַלץ גאָר קורץ. „וואָס קירצער — אַלץ קלאָרער", אַזוי האָט זיך רשי געטראַכט. און דעריבער האָט זיך ביי יידישע געלערנטע פון די שפּעטערדיקע דורות געשאַפן אַזאַ ווערטל:

„אין רשים צייטן איז טינט געווען טייערער ווי גאָלד".

און זיין טינט איז טאַקע געווען טייערער ווי גאָלד, ווייל דאָס וואָס רשי האָט אָנגעשריבן איז געבליבן אַן אוצר פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק, ווייל רשי האָט מיט זיין שרייבן באַשטימט, ווי אַזוי מע זאָל זיך לערנען ביי יידן.

ביז רשין איז דער תּלמוד געווען שווער, אָבער רשי איז געווען גאָר־גאָר אַ גרויסער לערער, וואָס קען אַזוי פיין און אַזוי פּשוט דערקלערן אַז יעדער איינער זאָל פאַרשטיין. איז טאַקע נאָך רשין געוואָרן מעגלעך אַז קליינע יינגלעך זאָלן קענען לערנען תּלמוד, און הונדערטער יאָרן נאָך אים האָט זיך טאַקע אַזוי געפירט ביי יידן:

פריער פלעגט מען לערנען לייענען (עברי), נאָך דעם האָט מען געלערנט חומש מיט רש״י, דאָס הייסט, חומש מיט רשים דערקלערונגען, און נאָך דעם האָט מען יאָרן לאַנג געשטודירט דעם תּלמוד מיט רשים דערקלערונגען. אָן רשין וואָלט ניט געווען מעגלעך צו שטודירן דעם תּלמוד, סיידן נאָר פאַר גאָר געציילטע מענטשן. רשי האָט מיט זיין דערקלערונג געמאַכט אַז דער תּלמוד זאָל שפּילן אַזאַ גרויסע ראָלע אין די לערניאָרן פון יידישע יינגלעך אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן.

ווען רשי דערקלערט דעם תּלמוד זאָרגט ער, מע זאָל פאַרשטיין זיין אינהאַלט. אָבער ווען רשי דערקלערט דעם חומש, באַמיט ער זיך

צו מאַכן דעם חומש וואַרעמער, ליבער, צאַרטער, היימישער, נענטער צו די קינדער. ווי אַזוי דערגרייכט ער עס?

אין זיין דערקלערונג צום חומש נעמט רשי אַריין די שענסטע מעשיות פון פאָלק, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן, און פוצט מיט זיי אַרום די זאַצן פון חומש.

חומש מיט רשי — הייסט חומש מיט אַ סך פון די שענסטע און איידלסטע פאָלקס־מעשהלעך מיט וועלכע מען האָט אַרומגעוועבט כמעט יעדן זאַץ פון חומש. דעריבער איז חומש מיט רשי געווען אַזוי אינטערעסאַנט פאַר די קינדער אין חדר. דעריבער האָבן חברה אין אַמאָליקן יידישן חדר אַזוי ליב געהאַט רשין און געוואָלט וויסן וואָס „רשי מאַכט".

# ז. דער פערטער רייטער וואָס איז איבעריק.

רשי האָט געלעבט שטיל און באַשיידן. ער איז געווען זייער אַן איידעלער און גוטהאַרציקער מענטש. ער האָט זיך ניט געהאַלטן גרויס. ער האָט געזוכט אַלעמען צו העלפן. אָבער די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן זיינען ניט געווען קיין גליקלעכע.

עס איז דעמאָלט געווען די צייט פון די קרייצצוגן. די קריסטן האָבן געוואָלט צונעמען פּאַלעסטינע פון די מוחמדאַנער און ביז וואָס ווען האָבן זיי געמאַכט אַ סך פּאָגראָמען אויף יידן. רשי האָט אָנגעשריבן אַ סך לידער וואו ער דריקט אוים זיין טרויער איבער דער שלעכטער לאַגע פון יידן אויף דער וועלט.

עס איז דאָ אַזאַ מעשה וואָס פאַרבינדט רשין מיט איינעם פון די פירערס פון די קרייצפאָרערס, מיט גאָטפריד פון בולאָן.

ווען גאָטפריד האָט געדאַרפט זיך לאָזן אין מלחמה קעגן די מוחמדאַנער, איז ער געקומען צו רשין און אים געבעטן, ער זאָל אים פאָרויסזאָגן, צי ער וועט טאַקע איינגעמען ירושלים און וואָס וועט זיין דער סוף פון זיין אונטערנעמונג. רשי האָט אים געענטפערט:

— „דו וועסט טאַקע איינגעמען ירושלים, אָבער נאָר דריי יאָר

וועסטו דאָרטן הערשן. צום סוף וועסטו קומען צוריק נאָר מיט דריי רייטערס״.




— „געדענק, אַז איך קום אפילו נאָר מיט פיר רייטערס צוריק, וועסטו באַצאָלן פאַר דיין בייזער נבואה!״ — האָט גאָטפריד אים געזאָגט.

עס איז פאַרגעקומען ווי רשי האָט פאָרויסגעזאָגט. ווען גאָטפריד איז צוגעקומען צום טויער פון דער שטאָט טרוּאַ, אַ באַזיגטער און אַ פאַרטריבענער, האָבן אים באַגלייט דריי רייטערס. האָט ער זיך דערמאָנט רשים רייד און זיין ענטפער און האָט געטראַכט:

— „רשי איז אַ ליגנער! אָט קום איך צוריק מיט דריי רייטערס, אָבער איך אַליין רייט דאָך אויך אויף אַ פערד, זיינען מיר דאָך פיר! וועל איך טאַקע נקמה נעמען פון דעם יידן!״

ווי נאָר ער טראַכט אַזוי, פאַלט אַראָפּ אַ שטיין פון מויער פון דער שטאָט און דערהרגעט אַ פערד פון אונטער איינעם פון גאָטפרידס מענטשן.

האָט גאָטפריד געזען סאַראַ גרויסער מענטש רשי איז געווען און אַוועק צו זיין שטוב אים צו דערציילן, אַז אַלץ האָט פּאַסירט ווי ער האָט פאָרויסגעזען. אָבער ווען ער איז געקומען צו רשים שטוב, האָט ער זי דערוואוסט אַז רשי איז שוין טויט.

# ח. משה רבינוס קוש.

אַ וואונדערלעכע זאַך:

דאָס יידישע פאָלק האָט ניט פון קיין מלחמה־פירער, ניט פון קיין פאָרער און ווייטע לענדער, נאָר פון אַ שטילן געלערנטן געמאַכט אַ באַליבטן העלד און זיין גאַנץ לעבן אַרומגעפוצט מיט שיינע מעשיות.

פאַרוואָס? ווייל יידן זיינען אַ פאָלק פון בוך, ווייל יידן האָבן

אַזוי פיל דורות לאַנג געלערנט רשין, האָבן אים ליב באַקומען און זיינען אים געווען דאַנקבאַר פאַר דעם, וואָס ער, רשי, האָט זיסער געמאַכט דעם חומש און פאַרשטענדלעך געמאַכט דעם תלמוד...

טאָ לאָמיר ענדיקן מיט נאָך א מעשׂה:

ווען רשי האָט אָנגעשריבן די לעצטע ווערטער פון זיין דערקלער־רונג צום חומש, האָט זיך פאַר אים באַוויזן משה רבינו. משה רבינו האָט אים אַרומגענומען, האָט אים אַ קוש געגעבן און געזאָגט:

„דו ביסט דער איינציקער וואָס האָט פאַרשטאַנען וואָס איך האָב געמיינט."

...אָט אַזוי גרוים איז רשי געווען אין די אויגן פון פאָלק!

# רבי יהודה חסיד

## דער קוואַל פון טרייסט

## (1150-1217)

## א. ווילדע צייטן.

עס האָט זיך יידן געלעבט ניט צו גוט אין רבינו גרשומס צייטן. עס איז אויך ניט געווען צו גוט אין רשיס צייטן. צום סוף פון רשים לעבן קומט די צייט פון די קרייצצוגן. פון די קרייצצוגן אָן ווערט די לאַגע פון יידן אין דייטשלאַנד אַלץ ערגער און ערגער.

פון מיטן צוועלפטן יאָרהונדערט, דאָס הייסט מיט אַכט הונדערט יאָר צוריק, קומט אָן די גאָר ביטערע צייט פאַר יידן אין דייטשלאַנד. עס נעמען זיך ציען אַ ריי פינצטערע יאָרהונדערטער. עס קומט די צייט פון צרות און בילבולים.

אין יענע ווילדע צייטן זיינען מענטשן געווען ווילד און אַ סך מענטשן זיינען געווען זייער שלעכט. שלעכטע מענטשן טוען אָפּ שלעכטע זאַכן, ווען זיי ווייסן אַז מע וועט זיי ניט באַשטראָפן. און ווער האָט זיי געזאָלט באַשטראָפן? ווער האָט זיך געזאָלט אָננעמען פאַר יידן?

האָבן אַ סך יידן געליטן. זיי זיינען געווען ווייניק אין צאָל און זיי האָבן זיך ניט געקענט אַקעגנשטעלן. איז יידן געווען ביטער! אַט

האָט איר אַ פּאָר פּאַסירונגען, „קליינע" פּאַסירונגען פון יענע צייטן— וועט איר וויסן ווי עס האָט זיך געלעבט.

---

איבערן טייך ריין, ניט ווייט פון דער שטאָט קעלן, פאָרט זיך אַ שיף. די שיף איז פול מיט יידן. הינטער אָט דער יידישער שיף פאָרט אַ שיף פול מיט קריסטן. געפינט מען דאָרטן אַ טויטע פרוי. טראַכט מען אויס, אַז יידן פון דער שיף וואָס פאָרט פאָרויס האָבן דערהרגעט די פרוי. באַפאַלט מען זיי. מע הרגעט זיי אַלעמען אויס. זייערע טויטע קערפּערס שלעפּט מען אַרום איבער פאַרשיידענע שטעט ביים טייך ריין. און וואו מע קומט מיט די קערפּערס פון די דערהרגעטע אומשולדיקע יידן, — העצט מען קעגן יידן, רייצט מען אויף דאָס פאָלק קעגן יידן, שלאָגט מען יידן.

אין אַ שטאָט, ניט ווייט פון טייך ריין, איז געווען אַ יידישער משוגענער. איז ער איין מאָל אין מיטן העלן טאָג באַפאַלן אַ קריסט־לעכע מיידל. האָט מען דערפאַר דערהרגעט דעם משוגענעם, זיין מו־טער, זיינע ברידער, זיין שוועסטער. איז דאָס נאָך אַלץ ווייניק געווען, האָט מען דערהרגעט נאָך זעקס זייטיקע יידן.

אַ צוויי־דריי מייל הינטער דער שטאָט שפּייער, אין בייערן, האָט מען געפונען אַ טויטן קערפּער. אַזוי ווי מען האָט ניט געוואוסט וועמען צו באַשטראָפן, האָט מען דערפאַר — אויפגעהאַנגען דעם רבס טאָכטער. איז דאָס נאָך ווייניק, האָט מען איר טויטן קערפּער גע־לאָזט הענגען נאָקעטערהייט, כּדי מיט דעם צו פאַרמיאוסן אַלע יידן. איז דאָס נאָך אַלץ ווייניק געווען, האָט מען שוין פאַראיינס געמאַכט אַ שטיקל פּאָגראָם אויף יידן.

אויב איר וואָלט געלעבט אין אַזעלכע צייטן — ווי וואָלט איר זיך געפילט? אפשר וואָלט איר געוואָרן אַזוי בייז, אַז איר וואָלט געווען גרייט זיך צו וואַרפן שלאָגן אויף קריסטן? אפשר וואָלט איר נאָר געוויינט, ווייל איר וואָלט זיך געפילט שוואַך און אומגליקלעך! אפשר וואָלט אייך דאָס לעבן מיאוס געוואָרן אין אַזאַ שלעכטער וועלט?

און ווי איז געווען מיט יידן אין יענע צייטן? יידן האָבן טאַקע אַ סך געקלאָגט און געוויינט. דאָס לעבן איז זיי טאַקע אָפט מיאוס געוואָרן, זיי זיינען אָפט געווען זייער בייז אויף קריסטן. אָבער יידן

האָבן אויך אויפגעהיט גוטסקייט און הארציקייט, יידן האָבן אויך גע־וואָרעמט אין זיך דעם גלויבן אין מענטשן, יידן האָבן אויך אַרויסגע־וויזן זייער אָפט איידלקייט און פיינקייט. יידן האָבן אַפילו אין יענע ווילדע צייטן אַרויסגעוויזן אַ געפיל פון גליק און אַ צופרידנקייט מיט דער וועלט.

ווי האָבן זיי עס געקאָנט? וואו האָבן זיי געפונען טרייסט? ווער האָט געוועקט דעם גלויבן, געלערנט צו זיין גוט און פיין? וועגן איינעם וואָס האָט געטרייסט און צוגעגעבן האָפענונג און האָט גע־לערנט צו זיין שטענדיק גוט און איידל — וועט איר באַלד לייענען.

געהייסן האָט ער ר׳ יהודה חסיד, דער פרומער ר׳ יהודה.

# ב. דער פיילן־שיסער.

אין דער שטאָט שפייער האָט געלעבט זייער אַ פרומער ייד, ר׳ שמואל. דער ר׳ שמואל איז געווען אַזוי גוט און אַזוי איידל, אַז מענטשן האָבן אים גערופן „דער הייליקער״, „דער נביא״, אָדער „חסיד״. ער האָט אָפּגעשטאַמט פון אַ באַרימטער פאַמיליע וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ סך גרויסע געלערנטע און ער אַליין איז געווען זייער אַ גרויסער קענער און אַ באַוואוסטער לערער.

ר׳ שמואל האָט געהאַט צוויי זין. דער עלטערער האָט געהייסן אַברהם און דער יינגערער — יהודה. אַברהם האָט זיך געלערנט ביי זיין פאָטער און איז געווען איינער פון די סך תלמידים וואָס ר׳ שמואל האָט געהאַט. יהודה אָבער האָט זיך ניט געוואָלט לערנען. דער פאָ־טער האָט ניט געהאַלטן פון שטראָפן זיין זון און מיט גוטן האָט מען ניט געקענט אויספירן, אַז דער צעלאָזענער יהודה זאָל זיך לערנען.

עס איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר. יהודה איז שוין געווען 18 יאָר אַלט און ער האָט אַפילו ניט געקאָנט לייענען ווי עס באַדאַרף צו זיין. דערפאַר איז ער געווען זייער געניט אין שטיפערייען. ער איז געווען נאָר אַ גרויסער בריה אין שיסן פיילן. שטענדיק פלעגט ער אַרומלויפן מיט זיין פיילן־בויגן און שיסן פיילן, וואָס פלעגן טרעפן אין ציל.

איין מאָל זיצט אַזוי ר׳ שמואל און לערנט מיט זיינע תלמידים. כאַפּט זיך אַריין צו זיי דער חברה־מאַן, דער פיילן־שיסער, און נעמט

שיסן פיילן אין די תּלמידים. זיי לערנען, קענען זיי זיך ניט אויפהייבן און אַרויסטרייבן דעם יונגאַטש, און דאָ טרעפן די פיילן — איינעם אין די האָר, דעם צווייטן אין רוקן. ביז זיי האַלטן ניט אויס און פאַר-מסרן יהודהן פאַר זיין פאָטער.

ר׳ שמואל דערזעט זיין יינגערן זון און ווענדט זיך צו אים:

— „ביסט געקומען אַהער; הייסט עס אַז דו ווילסט זיך לערנען. נו, גוט. קום אַהער, זעץ זיך. ווילסט פּרואוון צי דו וועסט קענען?״

— „איך וויל פּרואוון״, — ענטפערט דער פיילן-שיסער.

— „זעץ זיך לעבן אַברהמען״.

יהודה האָט אָנגעהויבן צו לערנען. און זע — ער האָט גענומען דעריאָגן זיין ברודער און זיינע אַנדערע חברים.

איין מאָל איז ר׳ שמואל געזעסן שפּעט ביינאַכט און געלערנט נאָר מיט זיינע זין. ביי אַ געוויסער שטעל, דערציילט די לעגענדע, איז דאָס צימער פול געוואָרן מיט ליכט. אַברהם האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אָבער יהודה האָט זיינע אויגן געהאַלטן אָפן. אַ ביסל שפּע-טער איז נאָך ליכטיקער געוואָרן. אַברהם האָט זיינע אויגן פאַרדעקט מיט זיין בגד, יהודה האָט נאָר אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

האָט ר׳ שמואל פאַרשטאַנען אַז פון דעם פיילן-שיסער וועט אַרויסוואַקסן אַ גרויסער מענטש, אַ לייכטנדיקע נשמה.

# ג. דער וואונדער-רבי.

יהודה האָט זיך אויסגעלערנט אַ סך ביי זיין פאָטער. ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן, האָט ער אַליין געלערנט מיט תּלמידים. אָבער רבי יהודה האָט ניט געהאַלטן פון לערנען אַליין. ער פלעגט אָפט זאָגן:

„טאָן גוטס איז העכער פאַרן לערנען תּורה. און ניט אַלע קענען דאָך ווערן גרויסע געלערנטע, אָבער אַלע קענען ווערן גוטע און פיינע מענטשן! איידעלע געפילן זיינען וויכטיקער ווי סתּם וויסן. דאַרף מען לערנען טאָן גוטס, דאַרף מען זען דער מענטש זאָל ווערן איידע-לער און פיינער. אָט דאָס איז דער עיקר!״

אָדער ער פלעגט אָפט ליב האָבן צו זאָגן:

„דער מענטש דאַרף ניט קיין סך. ס'איז גענוג פאַר אים: אַ ריין האַרץ, אַ גוטע נשמה און אמת אויף די ליפּן".

אַזעלכע רייד זיינען שטאַרק געפעלן געוואָרן פּשוטע יידן וואָס מוזן האָרעווען און האָבן ניט קיין צייט צו לערנען. האָט דאָס פּשוטע פאָלק זייער ליב געקריגן ר' יהודהן. האָט מען אים אויך גערופן, ווי זיין פאָטער, מיטן נאָמען ח ס י ד — ר' יהודה חסיד.

און מען האָט אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן אים אַ סך מעשיות. זיי דערציילט מען פון דער צייט, ווען ר' יהודה האָט שוין געלעבט אין רעגענסבורג.

אליהו הנביא, האָט מען דערציילט, איז איין מאָל געקומען צו ר' יהודה חסיד צום סדר און געווען זיין גאַסט די גאַנצע פּסח-נאַכט. אַלע מאָל ווען ר' יהודה חסיד איז אין אַ שווערער לאַגע, קומט גלייך צו אים אליהו הנביא. אויך מלאָכים קומען צו אים.

יהודה חסיד, האָט מען געזאָגט, קען היילן די געפערלעכסטע קראַנקע. ער האָט אַפילו לעבעדיק געמאַכט אַ טויטן אויף אַ קורצער ווילע. האָט ער דען ניט דורך דעם געראַטעוועט דעם רייכן ר' מרדכי און מיט אים אַלע יידן פון רעגענסבורג? די מעשה איז דאָ געווען אַזוי:

צוויי גנבים האָבן זיך ביינאַכט אַריינגעכאַפּט צום יידישן גביר פון רעגענסבורג און דאָרטן געפונען אַ סך גאָלד און טייערע שטיינער. ווען זיי האָבן געדאַרפט אַרויסקריכן דורכן פענצטער, האָט איינער פון די גנבים דערהרגעט זיין חבר, כדי די גאַנצע גנבה זאָל אָנקומען צו אים. און דער מערדער איז נאָך דערצו אַוועק און דערציילט, אַז דער ייד מרדכי האָט געטייט אַ קריסט, ווייל יידן דאַרפן דאָך האָבן קריסטלעך בלוט. און באמת, מען האָט ביי ר' מרדכין געפונען דעם טויטן! ווער ווייסט וואָסער אומגליק וואָלט דערפון אַרויס! אָבער ר' יהודה חסיד האָט לעבעדיק געמאַכט דעם טויטן, יענער האָט דערציילט דעם אמת און איז נאָך דעם ווידער אַנידערגעפאַלן טויט.

מען האָט דערציילט און דערציילט וואונדער וועגן ר' יהודה חסיד. אַז האָט ער אַ קאַסטן מיט געהיימע פּאַפּירן, מיט אַלע סודות פון דער תורה. אַז זעט ער וואָס עס טוט זיך זייער ווייט פון אים. אַז לייענט ער אין די נשמות פון מענטשן. ער ווייס ווער עס האָט

שלעכטע געדאַנקען. ער ווייסט ווער עס וויל זיך שמדן און ראַטעוועט די פאַרבלאַנדזשעטע. און פאַר אַלעמען האָט ער אַ טרייסטוואָרט. ווען מע קומט אַריין צו אים, ווערט אַזוי ליכטיק און גרינג אויף דער נשמה! מע גייט אַוועק געטרייסט און באַנייט. איז דען אַ וואונדער, אַז מע דערציילט וועגן אים וואונדער?

# ד. די גרעסטע מצווה.

הונדערטער מענטשן פון נאָענט און ווייט פלעגן קומען צו ר׳ יהודה חסיד נאָך אַ טרייסטוואָרט, פלעגן אויסהערן זיינעם אַ משל, אַ קלוג ווערטל און אַוועקגיין מיט האָפענונג און גלויבן.

איין מאָל קומט צו אים אַ מענטש וואָס האָט געגנבעט און גע־גזלט, וואָס האָט געטאָן אַ סך שלעכטס. אויך ער האָט געהערט וועגן גרויסן רבין און ער האָט געוואָלט אים זען.

מאַכט ער צו רבי יהודה חסיד:

— „רבי, איך האָב פיינט מצוות. זיי זיינען אַזוי שווער. זיי זיינען ניט פאַר מיר. און זיי זיינען פיל, אָט די מצוות".

— „אויב דו ווילסט ניט קיין מצוות, וואָס זשע ווילסטו פון מיר, מיין זון?"

— „רבי, איך וויל, איר זאָלט מיר אָנווייזן נאָר אויף איין מצווה. אויב עס וואָלט געווען נאָר איין מצווה, וואָלט מען זי געקענט אָפּ־היטן. רבי, וואָס איז די גרינגסטע מצווה?"

— „די גרינגסטע מצווה? זאָג ניט קיין ליגן!"

— „גוט, רבי, די איין מצווה זאָג איך אייך צו אָפּצוהיטן".

דער מענטש איז אַוועק. ער האָט נאָך די זעלביקע נאַכט גע־וואָלט עמעצן באַפאַלן און באַרויבן. אָבער ער האָט זיך באַטראַכט, אַז ס׳וועט אים איבער דעם אויסקומען צו זאָגן שפּעטער אַ ליגן... האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן. האָט ער אויפגעהערט צו זיין אַזאַ בייזער. ער האָט שוין ביסלעכווייז געקריגן אַן אַנדער נאָמען. אין אַ געווויסער צייט אַרום האָט זיינער אַ שכן געלאָזן ביי אים אַ סך געלט. ווען דער שכן איז געקומען אָפּנעמען דאָס געלט, האָט זיך אים זייער ניט גע־וואָלט עס אָפּגעבן. ער האָט געהאַלטן ביים זאָגן, אַז מען האָט אים

באַגנבעט... אָבער דאָס וואָלט דאָך געווען אַ ליגן. האָט ער בעסער יענעם אָפּגעגעבן דאָס געלט.

אַזוי האָט דער מענטש אַלץ מער און מער געמוזט אַוועקגיין פון שלעכטס, ביז ער האָט איינגעזען:

אויב מע זאָל ניט זאָגן קיין ליגן, קען מען קיין שום שלעכטס ניט טאָן.

און ער האָט פאַרשטאַנען ווי שיין און ווי טיף עס איז געווען דער ענטפער פון ר׳ יהודה חסיד.

# ה. דער פירשט מיטן באַהאַלטענעם מעסער.

אין זאַלצבורג איז געווען אַ פירשט וואָס האָט פיינט געהאַט יידן. פון זאַלצבורג האָט ער זיי פאַרטריבן. אָבער דאָס איז אים גע־ווען ווייניק. ער האָט צוגערעדט אַנדערע פירשטן זיי זאָלן אויך אַזוי טאָן: יידן זויגן אויס דעם לעצטן גראָשן ביי די קריסטן, זיי זאָגן אַז אַ קריסט מעג מען אָפּנאַרן, אַז זיי זיינען העכער פאַר די קריסטן.

האָט מען דעם פירשט פון זאַלצבורג דערציילט, אַז אַט לעבט אין רעגענסבורג אַ וואונדערלעכער רבי וואָס לערנט די יידן:

...„ווען אַ גוי קומט און פרעגט, וועמען פון יידן מעג ער טרויען און וועמען ניט, זאָל מען אים אָנווייזן וועמען מע קאָן טרויען און וועמען ניט״.

...„אַ מענטש זאָל זיך לערנען פון אַ הונט ווי צו זיין געטריי״.

...„ווייל מיר זיינען געבליבן בלויז אַ רעשט, ווייל מע יאָגט אונדז און מע טרייבט אונדז, טאָר אַ ייד ניט טאָן קיין עוולה אויך אַ גוי, טאָר אַ ייד ניט זיין פאַלש אויך צו אַ גוי״.

איז דער פירשט פון זאַלצבורג געוואָרן זייער אין כּעס: „אַ נייער ייִדישער שווינדל!״ — האָט ער אויסגערופן. ער האָט באַהאַלטן אַ מעסער אין די פאַלדן פון זיין מאַנטל און אַוועק קיין רעגענסבורג צו ר׳ יהודה חסיד.

ווען ער איז אַריין צו אים, הערט ער ווי ער לערנט מיט זיינע תּלמידים וועגן רחמנות האָבן אויף אַלע באַשעפענישן פון דער וועלט:

...„אין גיהנום וועט מען באַלאָדן מיט שווערע לאַסטן יענע מענטשן וואָס לייגן אַרויף אַ צו שווערע לאַסט אויף זייער אייזל אָדער זייער פערד".

...„גאָט וועט זיך אָננעמען דעם צער פון פערד, וואָס ריטערס שלאָגן זיי מיט זייערע שפּאָרן".

...„זאָלסט ניט פאַרקויפן אַ בהמה צו אַ מענטשן וואָס שלאָגט בהמות".

...„זאָלסט ניט אָפּשניידן דעם וויידל פון אַ פערד, פון אַ הונט צי פון אַ קו, ווייל מיט וואָס וועלן זיי אָפּטרייבן פליגן?"

ווען דער פירשט פון זאַלצבורג האָט געהערט, ווי אַזוי רבי יהודה הסיד לערנט די געפּלאָגטע יידן ליבשאַפט צו בהמות, איז דאָס מעסער אַרויסגעפאַלן פון די פאַלדן פון זיין מאַנטל. ער האָט באַגריסט דעם רבין און געזאָגט:

— „געטלעכער מאַן, מע זאָגט אַז דו קענסט מאַכן וואונדער. ווייז אַ וואונדער דיינעם!"

— „איך מאַך ניט קיין וואונדער. אָבער מיט גאָטס וואונדער איז פול די וועלט".

— „וואו זיינען זיי, גאָטס וואונדער?"



— „אומעטום! שטעק אַרויס דעם קאָפּ פון פענצטער און דו וועסט זען".

דער פירשט האָט דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט פון פענצטער. ער איז פּלוצעם שטייף געוואָרן און זיך ניט געקאָנט באַוועגן.

— „זאָג צו אַז דו וועסט מער ניט טאָן קיין שלעכטס, אַז דו

וועסט יידן ווידער אַריינלאָזן קיין זאַלצבורג״, — האָט רבי יהודה חסיד פאַרלאַנגט.

— „איך זאָג צו!“ — האָט דער פירשט אויסגעשריען. האָט ער געקאָנט ווידער באַוועגן מיט זיינע גלידער.

ער האָט זיין צוזאָג געהאַלטן.

# ו. „דאָס בוך פון די פרומע“.

דאָס זיינען נאָר עטלעכע פון די מעשׂיות וועגן רבי יהודה חסיד. מיט זיין נאָמען איז פאַרבונדן איינס פון די סאַמע באַליבטע ביכער ביי יידן אין מיטלעלטער. דאָס איז „ספר חסידים“, אָדער „דאָס בוך פון די פרומע“. עס גייען דאָרטן אַריין: רייד און מעשׂיות פון ר׳ יהודה החסידס פאָטער; משלים, מעשׂיות און שפּרוכן פון רבי יהודה חסיד און אַ ביסל פון זיינע תּלמידים. די וויכטיקסטע טיילן פון בוך האָט אָנגעשריבן רבי יהודה חסיד.

דאָס איז אַ וואונדערלעך בוך! אין די ערגסטע צייטן האָבן יידן פון דאָרטן געשעפּט שטאַרקייט און טרייסט. דאָס בוך איז פול מיט טיפסטן גלויבן און מיט די ריינסטע מענטשלעכע געפילן. עס האָט טייערע שפּרוכן און פיינע משלים. אָט האָט איר כאָטש עטלעכע:

...„אויב עס קומט צו דיר אַ קויפער, דו בעטסט אַ פּרייז, אָבער דער קויפער גייט אַוועק און ער קומט שפּעטער און וויל דיר באַצאָלן וויפל דו האָסט געבעטן, זאָלסטו פון אים דאָס געלט ניט נעמען, אויב דיין סחורה איז דערווייל ביליקער געוואָרן, און זאָלסט אים אָפּגעבן דיין סחורה, אויב זי איז דערווייל טייערער געוואָרן“.

...„דו טאָרסט דעם אַרבעטער ניט געבן קיין אַרבעט וואָס איז איבער זיינע כּוחות, אַפילו אויב דער אַרבעטער שטימט צו דערצו: ער טוט עס צוליב נויט“.

...„אַמאָל האָט אַ קיניג גערופן צו זיך אַ חכם און אים פאַר־געלייגט געלט פאַר אַן עצה. האָט דער חכם געענטפערט דעם קיניג ווי ער האָט פאַרשטאַנען. אָבער קיין געלט האָט ער ניט גענומען. ווען דער קיניג האָט זיך געוואונדערט, האָט דער חכם געענטפערט: „ערשטנס, קומט מיר קיין געלט ניט, ווייל דער קיניג וועט סיי ווי ניט

טאָן ווי איך האָב אָנגעוויזן; צווייטנס, קען איך דעם קיניגס געלט ניט נעמען, ווייל דאָס געלט איז פון אונטערדריקן דאָס פאָלק״.

... „ווען דו זעסט, עס גייט אַרום אַן אָרעמאַן און פאַרקויפט עפּעס און קיינער קויפט ניט ביי אים, קויף דו: אויב דו דאַרפסט ניט די זאַך, וועסטו דאַרפן די מצווה״.

אָבער ניט בלויז ליכטיקע זאַכן האָט דאָס בוך; דאָרטן שפּיגלען זיך אָפּ די ווילדע צייטן, ווען דער גרויסער טרייסטער האָט געלעבט. דאָרטן געפינט מען אויך אַזעלכע מעשׂיות ווי אָט די:

... „אַמאָל איז געווען אַן אָנפאַל אויף יידן. זיינען יידן אַנטלאָפן. האָבן פּריצים זיי צוגעזאָגט צו באַהאַלטן. אָבער ווען די יידן זיינען געקומען צו זיי, האָבן יענע זיי אויסגעהרגעט״.

# ז. וואָס איז אייער מיינונג?

פאַר אָט די שרעקלעכע צייטן פון בלוטיקע אָנפאַלן אויף יידן גיט רבי יהודה חסיד אַזעלכע אָנווייזן:

... „ווען אַ ייד זעט אַז גוים מיינען אַז ער איז אַ גוי, זאָל ער זאָגן: „איך בין אַ ייד!״ מע טאָר ניט אַרויפנייען אַ צלם אויף די קליידער אָדער אַרויסשטעלן אַ צלם אין פענצטער זיך צו ראַטעווען פון אַן אָנפאַל אויף יידן״...

„אויב די שׂונאים האָבן געזאָגט צו אייך: „גיט אונדז אַרויס איינעם פון אייך, וועלן מיר אייך לאָזן לעבן, אַניט וועלן מיר אַלעמען טייטן״. זאָלן בעסער אַלע זיך לאָזן טייטן און ניט איבערגעבן אַליין איין יידישן נפש״...

איז רבי יהודה געווען גערעכט?

# ר' מאיר פון ראָטנבורג

## דער געפאַנגענער אין טורעם

## (1293-1215)

## א. דער וואַנדערער.

דאָס איז געווען מיט 700 יאָר צוריק. איבער די ענגע גאַסן פון פּאַריז האָט מען געפירט אין וועגענער גרויסע ספרים. מע האָט זיי צונויפגענומען אין יידישע הייזער. דאָס זיינען געווען גמרות, געשריבענע מיט דער האַנט. מע האָט די גמרות געבראַכט אויף אַ פרייען פּלאַץ אין מיטן שטאָט. דאָרטן האָט מען זיי פאַרברענט.

— „די גמרות באַליידיקן דעם קריסטלעכן גלויבן", — אַזוי האָבן געשריען די גלחים און האָבן געהעצט דאָס פאָלק.

אַ יונגער ייד, מיט אַ קליין שוואַרץ בערדל, איז געשטאַנען פונווייטן און האָט זיך צוגעקוקט, ווי מען וואַרפט די גמרות אין פייער אַריין. ער האָט געזען ווי קריסטן טאַנצן אַרום דעם גרויסן פייער, ווי אַמאָליקע געצנדינערס ביי אַ ווילדער צערעמאָניע. עס איז אים געווען ביטער אויפן האַרצן און ער האָט זיך געטראַכט:

— און מיר מוזן דאָס לעבן צווישן זיי! און מיר זיינען נאָך צופרידן, ווען זיי לאָזן אונדז לעבן אין זייערע שטעט. זיי טרייבן אונדז און שלאָגן אונדז, און זיי קענען ניט פאַרטראָגן וואָס מיר זיינען געלערנטער ווי זיי. וואו געפינט מען אַן אָרט, וואו מען זאָל קענען רואיק לערנען?

דער יונגער ייד איז געקומען פון וואָרמס. דאָרטן האָט ער שוין זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קענען. אָבער ער האָט געוואָלט וויסן מער. און ער האָט געוואַנדערט איבער פאַרשיידענע שטעט, וואו עס זיינען געזעסן גרויסע יידישע געלערנטע, און האָט אַלץ מער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קענען און מיט זיין שאַרפן מוח. ער האָט אין ערגעץ ניט געקענט פאַרבלייבן לאַנג. עס זיינען געווען זייער שווערע צייטן

פּאָר יידן. אומעטום האָט מען יידן געשלאָגן, פון אַ סך ערטער האָט מען זיי פאַרטריבן. און איצט, דאָ אין פּאַריז, ברענט מען יידישע ספרים.

און אַלע מאָל, ווען עס איז אים שווער, טראַכט ער: וואָס וואָלט דער פאָטער געזאָגט? און אים דאַכט זיך אַז ער הערט דעם פאָטערס רואיקע שטים:

— „מאיר, מאיר, די תורה וועלן זיי סיוועי ניט פאַרברענען! וואָס מער זיי ברענען — אַלץ מער דאַרפסטו זען זי צו פאַרשפּרייטן. זיי פאַרברענען — און דו צינד אָן וואָס מער ליכט פון דער תורה!"

און מאיר איז אַוועק פון פּאַריז און געקומען צוריק צו זיין פאָטער ר' ברוך.

# ב. יידן פון באַגדאַד.

אינגיכן איז ר' מאיר געוואָרן זייער אַ באַרימטער רב. ער האָט זיך באַזעצט אין דער שטאָט ראָטנבורג, און איצט האָבן זיך אַהין געצויגן תלמידים פון אַלע שטעט אויף ביידע ברעגן פון טייך ריין, וואו עס זיינען געווען אַ סך יידן. דעם נאָמען ר' מאיר פון ראָטנבורג האָבן געוואוסט יידן אין די ווייטסטע לענדער.

און פון אומעטום איז מען געקומען צו ר' מאירן מיט שווערע שאלות. אויב אַ רב האָט ערגעץ אין אַ שטאָט ניט געוואוסט ווי צו ענטפערן אויף אַ שאלה, אויב אַ רבי וואָס האָט געלערנט גמרא האָט ניט פאַרשטאַנען אַן אומקלאָרע שטעל, — האָט מען די שאלה געשיקט קיין ראָטנבורג, צו ר' מאירן. רבי מאיר פון ראָטנבורג איז געוואָרן אַזוי ווי אַ רב איבער רבנים.



איין מאָל זיינען מיט שאלות געקומען יידן פון דער ווייטער שטאָט באַגדאַד. זיי האָבן דערציילט אַז איצט קיניגט דאָרטן זייער אַ קלוגער כאַליף, וואָס איז גוט צו יידן. אַ יידישער דאָקטער האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן, און איצט איז אָט דער דאָקטער געוואָרן

זייער נאָענט צו אים און דער כאַליף טוט אַלץ, וואָס דער ייִדישער דאָקטער ווייזט אים אָן צו טאָן. זיי האָבן אים אויך דערציילט, אַז ייִדן אין באַגדאַד זיינען רייך און אַז זיי וואָלטן געקענט אויסהאַלטן אין כבוד ר׳ מאירן און אַלע זיינע תּלמידים. זיי האָבן אים געבעטן ער זאָל קומען צו זיי.

האָט ר׳ מאיר געענטפערט:

— „איך וויל טאַקע פאַרלאָזן דאָס לאַנד וואו מע שלאָגט אונדז און מע טראַכט אויס שלעכטס אויף אונדז. אָבער ניט קיין באַגדאַד וויל איך פאָרן, נאָר אין דער הייליקער שטאָט ירושלים. און אויב מע וועט דאַרפן קומען מיט שאלות, זאָל מען פאָרן קיין ירושלים״.

די ייִדן פון באַגדאַד האָבן צוגעגעבן:

— „אויב דער רבי וויל ניט פאָרן קיין באַגדאַד, איז טאַקע דאָס גלייכסטע אַז ער זאָל קומען קיין ירושלים. דאָרטן וועט ער זיין אַ סך נאָענטער צו אונדז. און ייִדן פון מזרח און ייִדן פון מערב וועלן פאָרן קיין ירושלים, ווען זיי וועלן האָבן אַ שווערע שאלה״.

## ג. געפאַנגען פון דעם קיניג.

ייִדן האָבן יעמאָלט ניט געטאָרט אַרויספאָרן פון לאַנד אָן דער דערלויבעניש פון דעם דייטשישן קיניג. און דער קיניג האָט די ייִדן ניט געלאָזט אַרויספאָרן, ווייל יעדער ייִד האָט אים דאָך געצאָלט שטייערן. און אַוודאי האָט דער קיניג ניט געוואָלט אַז אַזאַ באַרימטער רב ווי ר׳ מאיר פון ראָטנבורג זאָל פאַרלאָזן זיין לאַנד. יעמאָלט וועלן נאָך אים נאָכפאָרן אַ סך אַנדערע ייִדן, און דער קיניג וועט אָנווערן אַ סך געלט.

ר׳ מאיר האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען. האָט ער באַשלאָסן אין געהיים אַוועקצופאָרן. ער איז געקומען קיין איטאַליע, אין אַ פּאָרט, פון וואַנעט ער האָט געקאָנט מיט אַ שיף פאָרן קיין ארץ־ישׂראל. דאָרטן האָט ער געוואַרט אויף זיין משפּחה. זי איז שוין אויך געקומען צו אים. ער האָט נאָך געדאַרפט וואַרטן אויף זיינע תּלמידים.

ביסלעכווייז האָבן זיי פאַרלאָזן זייערע שטעט און זיינען געקומען צום רבין, כּדי צו פאָרן אינאיינעם מיט אים קיין ארץ־ישׂראל.

מען האָט דאָס אַלץ געדאַרפט מאַכן אין געהיים. אָבער ר׳ מאיר איז געווען זייער באַרימט. זיינען אַ סך יידן געקומען פון פאַרשיידענע שטעט אין איטאַליע זיך געזעגענען מיטן גרויסן יידישן פירער. מען האָט געזען אַז עפּעס צו פיל יידן פאָרן אַהין און צוריק. האָט מען דאָס איבערגעגעבן דעם דייטשישן קיניג. האָט ער אָנגעשטעלט מענטשן, אַז זיי זאָלן דערגיין, וואָס קומט דאָ פאָר ביי יידן. און זיי זיינען דערגאַנגען: ר׳ מאיר פון ראָטנבורג קלייבט זיך צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל.

דער קיניג רודאָלף האָט גענומען זיינע געטרייע דינערס און אינאיינעם מיט זיי איז ער געקומען אין דעם איטאַליענישן פּאָרט. ער איז באַפאַלן ר׳ מאירן און זיינע תּלמידים, ווען זיי האָבן שוין גע־דאַרפט זיך זעצן אויף אַ שיף. ער האָט גענומען געפאַנגען נאָר ר׳ מאירן. ער האָט געוואוסט אַז אָן דעם רבין וועלן אויך די תּלמידים ניט אַוועקפאָרן.

— „פאַרוואָס ווילט איר פאַרלאָזן דאָס לאַנד?״ — האָט דער קי־ניג געפרעגט דעם רב.

— „ווייל מיר זיינען דאָ קנעכט, אַזוי ווי אין מצרים״, — האָט דער רב געענטפערט.

— „אָבער פון מצרים האָבן יידן זיך ניט אַרויסגעגנבעט״, — האָט דער קיניג געזאָגט, — „גאָט האָט זיי באַפרייט און זיי זיינען אַרויס אָפן און מיט געהויבענע קעפּ. וואַרט ביז מען וועט אייך לאָזן אַרויספאָרן!״

— „מיר זיינען ניט ווערט די נסים וואָס גאָט האָט געטאָן מיט אונדזערע עלטערן אין מצרים, מוזן מיר אַרויס שטילערהייט. דאָ לאָזט מען אונדז ניט לעבן פריי און מען שטערט אונדז צו לערנען״,— האָט דער רב געזאָגט.

דער קיניג איז געוואָרן בייז וואָס דער ייד רעדט אַזוינע מוטיקע רייד און ער האָט געזאָגט:

— „לעבן פריי וועט איר ניט קענען, אָבער לערנען — וויפל איר

וווילט. איר וועט זיצן געפאַנגען אין אַ טורעם דאָס גאַנצע לעבן. עס וועט זיין געוווג צייט צו לערנען".

און דער קיניג האָט אַוועקגע־פירט ר' מאירן אין אַ שלאָס אין עלזאַס. דער שלאָס איז געווען אויף אַ פעלדז. עס איז געווען שווער צוצוקומען צו אים. דער שלאָס האָט געהאַט אַ שמאָלן און הויכן טורעם. דאָרטן האָט מען פאַרשפאַרט ר' מאירן.




## ד. 20.000 זילבערנע מאַרק

יידן האָבן גיך זיך דערוואוסט וואו עס געפינט זיך ר' מאיר. מען האָט אים געבראַכט כשר עסן. מען האָט אים געבראַכט ספרים צו לערנען, פאַפיר און טינט צום שרייבן. פאַרשטייט זיך אַז דערביי האָט מען געדאַרפט אונטערקויפן די וועכטערס. אָבער וועט מען זיך אָפּשטעלן פאַר געלט צו העלפן ר' מאירן?

אינגיכן האָט מען אים אָנגעהויבן צו שיקן אויך שאלות, אַזוי ווי פריער. אויב מען האָט ניט געקאָנט אַליין קומען צו אים מיט דער שווערער שאלה, האָט מען זי אָנגעשריבן און איבערגעגעבן זי דורך אַ וועכטער. אויף דעם זעלביקן אופן האָט ר' מאיר געשיקט זיין ענטפער.

אָבער יידן האָבן ניט געקענט זיין רואיק. דער גרויסער יידישער פירער איז אַ געפאַנגענער! האָט מען געמאַכט פאַרשיידענע פּלענער, ווי אַזוי אים צו באַפרייען.

דער קיניג רודאָלף האָט געפירט אַ סך מלחמות און האָט גע־דאַרפט געלט. זיינען צו אים געקומען יידן און האָבן געזאָגט:

— „די קרוין פון אונדזער קאָפּ, דער גרויסער רב ר' מאיר, איז אַליין אין אַ וויטן שלאָס, אויף אַ הויכן טורעם. מיר זיינען אָפּגעריסן

פון אים און ער פון אונדז. זאָל דער קיניג אים באַפרייען און מיר וועלן דערפאַר געבן אַ שיינע מתנה".

דער קיניג האָט פאַרלאַנגט 20,000 זילבערנע מאַרק. דאָס איז געווען זייער אַ גרויסע סומע געלט יענע צייטן. דער קיניג האָט גע־מיינט אַז די יידן וועלן זיך דינגען. ער איז געווען זייער פאַרוואונ־דערט, ווען זיי האָבן גלייך צוגעשטימט.

מען האָט צוגעלאָזט אַז עטלעכע יידן זאָלן קומען צו ר' מאירן און אים אָנזאָגן אַזאַ פריילעך ניים: ער וועט באַלד ווערן פריי! יידן קויפן אים אויס! מע קלייבט שוין דאָס געלט וואָס מע דאַרף באַצאָלן דעם קיניג — און ווי נאָר מע וועט האָבן דאָס גאַנצע געלט, וועט ער קענען פאַרלאָזן זיין איינזאַמען טורעם און קומען צוריק אַהיים, צו דער ווייב און קינדער, צו די תּלמידים און פריינד.

# ה. דער חרם פון ר' מאירן

ר' מאיר האָט זיך זייער דערפרייט מיט די געסט. ער האָט שוין אַזוי לאַנג ניט געזען קיין יידן, ניט גערעדט מיט יידן! ער האָט בלויז געקענט שיקן בריוו. ער האָט שוין לאַנג געחלומט אַרויסצוקומען פון דעם ענגן טורעם. ער האָט געוואָלט זיין מיט זיינע קינדער וואָס ער האָט זיי שטאַרק ליב געהאַט, מיט זיין ווייב וואָס האָט נאָך אים גע־בענקט, מיט זיינע תּלמידים וואָס ער איז געווען צוגעבונדן צו זיי ווי צו זיינע אייגענע קינדער. ער האָט געוואָלט זיין צווישן יידן, דאַווענען מיט יידן אינאיינעם, שמועסן מיט פריינד, טרייסטן יידן אין נויט.

אָבער ער האָט זיך טיף פאַרטראַכט און נאָך דעם האָט ער גע־זאָגט:

— „ניין, מיינע פריינד, איך קען ניט איינגיין אויף דעם פּלאַן. איך קען ניט דערלאָזן אַז איבער מיר זאָלן יידן אַוועקגעבן אַלץ וואָס זיי האָבן, אַז יידישע פרויען זאָלן אויסטאָן זייער צירונג, אַז אַלטע לייט זאָלן אַוועקשענקען דאָס וואָס זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט אויף דער עלטער. איך בין ניט ווערט קיין 20,000 זילבערנע מאַרק. דאָס איז יידיש האָב און גוטס. איך קען ניט קויפן מיט דעם מיין פרייהייט. איך וועל בעסער בלייבן אין טורעם".

די יידן האָבן גענומען טענהן מיט ר׳ מאירן. זיי האָבן אים גע־זאָגט אַז ער איז פאַר זיי טייערער ווי צען מאָל אַזוי פיל געלט וואָס עס בעט דער קיניג. זיי האָבן מיט אים גערעדט, ווי וויכטיק עס איז פאַר זיי אים צו האָבן שטענדיק ביי זיך, צווישן יידן. ר׳ מאיר איז געבליבן ביים זייניקן:

— „יידן קומט אָן געװנט שווער צו פאַרדינען אַ גראָשן. מיט בלוטיקע יידישע גראָשנס וויל איך זיך ניט קויפן די פרייהייט!"

און ווען די געסט זיינען האָבן ווייטער געטענהט, האָט ער נאָך צוגעגעבן:

— „אויב איר וועט מיך אויסקויפן, וועט דער קיניג זיך מאַכן אַ נײַ געשעפט. ער וועט כאַפּן יידישע פירערס און זיי פאַרשפאַרן אין אַ טורעם, כּדי יידן זאָלן קומען צו אים מיט אויסקויף־געלט. און אויב ער וועט עס ניט טאָן, וועלן עס טאָן אַנדערע קיניגן. מע טאָר דאָס ניט דערלאָזן. מע דאַרף זיי ניט ווייזן אַ נייעם מיטל ווי אַזוי אַרויס־צוקריגן געלט פון יידן".

ווען די געסט האָבן געזען אַז זיי קענען ניט אויספירן ביי ר׳ מאירן, האָבן זיי אים געזאָגט:

— „איר זייט איינער און מיר זיינען אַלע קעגן אייך. מיר וועלן סיװוי אייך אויסקויפן, ווייל מיר דאַרפן אייך".

האָט ר׳ מאיר אויף דעם געענטפערט:

— „איר האַלט מיך פאַר אייער רב, און ווי אייער רב פאַרווער איך עס אייך צו טאָן. איך לייג אַרויף אויף דעם אַ חרם, אַ פאַרבאָט וואָס איר טאָרט ניט איבערטרעטן".

# ו. אַליין אין טורעם

און וועלכער ייד האָט דאָס געקענט זיך דערוועגן צו גיין קעגן דעם חרם פון ר׳ מאיר פון ראָטנבורג?

איז ר׳ מאיר דאָס גאַנצע לעבן געבליבן אין טורעם. ער האָט מער קיין מאָל ניט געזען זיין ווייב און זיינע קינדער, זיינע פריינד און זיינע תּלמידים. ער איז געזעסן און האָט געשריבן תּורה, דערקלערונ־גען צו שווערע שטעלן אין גמרא; ער האָט געענטפערט אויף שאלות

וואָס מען האָט אים צוגעשיקט. אָבער ער איז שטענדיק געווען איינער אַליין.

זומער איז אין טורעם געווען היים, און האַרבסט האָט דער ווינט געפּייפט און אָנגעיאָגט אַן אומעט, ווינטער איז דאָרטן געווען קאַלט. אַ שטומער וועכטער האָט געבראַכט דאָס עסן, האָט געבראַכט אַ מאָל אַ בריוו און האָט צוגענומען די אָנגעשריבענע בריוו פון ר׳ מאירן.

די בריוו זיינען געווען דער איינציקער פאָדעם וואָס האָט פאַרבונדן ר׳ מאירן מיט דער יידישער וועלט, מיט די וואָס לערנען גמרא, וואָס פרעגן שאלות, וואָס וואַרטן אויף עצות. די בריוו האָבן אָנגעזאָגט טרויעריקע און פרייליכע נייסן: די ווייב איז געשטאָרבן, אייניקלעך זיינען געבאָרן געוואָרן. די תלמידים זיינען געוואָרן גרויסע רבנים, נייע צרות קומען אויף יידן. און ר׳ מאיר איז געווען איינער אַליין.

ער איז געווען איינער אַליין אין די נעכט פון סדר, איינער אַליין אין דער נאַכט פון כל-נדרי, איינער אַליין אין אַלע טעג און אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר.

די האָר אויפן קאָפּ זיינען גרוי געוואָרן. עס איז אויך גרוי געוואָרן די לאַנגע באָרד. און די כּוחות ווערן שוואַכער, די הענט ווערן גיכער פאַרמאַטערט ביים שרייבן. אָבער מיט די לעצטע כּוחות, ביזן לעצטן אָטעם לערנט ר׳ מאיר תורה, ענטפערט אויף שאלות, ווייזט אָן ווי אַזוי יידן דאַרפן זיך פירן — און ער שרייבט און שרייבט.

און אומעטום כאַפּט מען אויף זיינס אַ וואָרט. און ווען מען האָט מער קיין בריוו ניט באַקומען פון דעם איינזאַמען טורעם, האָט מען געוואוסט: ר׳ מאיר לעבט ניט מער.

ער איז אויסגעגאַנגען איינער אַליין, אָן פריינד, אָן אייגענע אַרום זיך.

# ז. 13 יאָר נאָכן טויט

דער קיניג רודאָלף האָט שוין מער ניט געלעבט, אָבער זיינע קינדער האָבן אויך געוואוסט אַז ר׳ מאיר איז זייער אַ טייערער געפאַנגענער. ווען ער איז געשטאָרבן, האָט מען דעם קערפּער ניט

אַרויסגעגעבן, נאָר מען האָט אים באַלזאַמירט און געהאַלטן: זאָלן ייִדן איצט באַצאָלן אויסקויף־געלט, אויב זיי ווילן אַז זייער גרויסער פירער זאָל קומען צו קבר ישׂראל, זאָל באַגראָבן ווערן צווישן ייִדן, לויטן ייִדישן דין.

אָבער עס איז דאָך געווען דער אַלטער חרם — מע טאָר ניט אויסקויפן! איז דער קערפּער געלעגן אין טורעם.

עס זיינען אַוועק גאַנצע דרייצן יאָר. איז געקומען אַ ייִד און געזאָגט:

— „אויב איך פאַרזינדיק זיך, נעם איך אויף זיך די שטראָף. ווען ר׳ מאיר האָט אַרויסגעגעבן דעם חרם, בין איך נאָך ניט געווען געבאָרן. ווי האָט ער געקאָנט האָבן מיך אין זינען דערביי? איך גיב אַוועק מיין פאַרמעגן כּדי ר׳ מאיר פון ראָטענבורג זאָל קומען צו קבר ישׂראל. איך בעט נאָר, אַז ווען איך וועל שטאַרבן, זאָל מען מיך מקבר זיין לעבן זיין קבר".

און מען האָט דעם קערפּער פון ר׳ מאירן געבראַכט פון דעם איינזאַמען טורעם און אים מקבר געווען אין וואָרמס, וואו ער איז געבאָרן געוואָרן. און די מצבה אויף זיין קבר איז געשטאַנען הונדערטער יאָרן, ביז צו דער בלוטיקער צווייטער וועלט־מלחמה. און אפשר שטייט זי נאָך איצט אויך.

# II

# שטערן איבער שפּאַניע

דער שקלאַף (משה בן חנוך).

צוויי בריוו (חסדאי אבן שפרוט).

דער קרעמער — דער גאון (ר׳ שמואל הנגיד).

דער אַלטער ריכטער (רבינו בחיי אבן פּקודה).

דער וואונדערלעכער פייגנבוים (שלמה אבן גבירול).

דער זינגער פון פרייד און טרויער (משה אבן עזרא).

דאָס גרויסע יידישע האַרץ (ר׳ יהודה הלוי).

דער געלערנטער וואַנדערער (אברהם אבן עזרא).

דער באַשטראָפטער זיגער (דער רמב״ן).

# דער שקלאַף

# משה בן חנוך

---

## א. די פיר געשיקטע

הונדערטער יאָרן איז בבל געווען דער אָרט פון באַרימטע שולן וואו מען האָט געשאַפן און געלערנט דעם תלמוד. בבל איז געווען דער צענטער פאַר יידן אומעטום איבער דער וועלט. האָט מען געוואָלט וויסן ווי אַזוי צו לעבן ווי יידן, האָט מען געשיקט מענטשן קיין בבל, זיי זאָלן דאָרטן לערנען תורה און קומען צוריק אַהיים און איבערגעבן וואָס זיי האָבן דאָרטן געלערנט. האָט מען עפּעס ניט פאַרשטאַנען אין דער תורה אָדער ניט געוואוסט ווי אַזוי זיך צו פירן, האָט מען געשיקט מענטשן מיט שאלות, מיט פראַגעס קיין בבל.

יידן אין בבל זיינען פריער געווען פאַרמעגלעך און שטאַרק. אָבער עס זיינען געקומען שלעכטע צייטן פאַר יידן אין בבל. זיי האָבן שוין אַליין מער ניט געקענט אויסהאַלטן זייערע אַלטע באַרימטע שולן. און איינע פון די באַרימטסטע שולן, וואו מען האָט געהאָלפן שאַפן דעם תלמוד, די שול אין סוראַ, האָט מען געמוזט פאַרמאַכן. עס איז ניט געווען קיין געלט זי אויסצוהאַלטן. האָט עס ווי געטאָן און מען האָט געטראַכט, ווי אַזוי זאָל מען קענען ווידער עפענען די אַלטע שול פון סוראַ.

— „לאָמיר שיקן מענטשן צו די יידן אין שפּאַניע, צו די יידן אין צפון־אַפריקע. דאָרטן גייט עס די ברידער אונדזערע בעסער ווי אונדז. זיי וועלן אונדז העלפן. זיי געניסן דאָך אויך פון אונדזערע אַלטע באַרימטע שולן!“ — האָט מען פאַרגעלייגט.

— „אָבער ווי קען מען איצט זיך לאָזן אין אַזאַ ווייטן וועג?" — האָט מען מיט שרעק געפרעגט, — „די כאַליפן פון די פאַרשיידענע לענדער פירן מלחמות צווישן זיך, און איינער כאַפּט דעם צווייטנס שיפן, און די מענטשן וואָס פאָרן דערהרגעט מען, אָדער מע פאַרקויפט זיי פאַר שקלאַפן! ווער וועט שטעלן דאָס לעבן אין געפאַר צו העלפן אונדזערע שולן?"

עס האָבן זיך אָבער געפונען אַ סך געלערנטע וואָס זיינען געווען גרייט צו שטעלן זייער לעבן אין געפאַר, צו לאָזן זיך אין ווייטן וועג כּדי צו ברענגען הילף פאַר דער באַרימטער שול פון סורא. האָט מען באַשלאָסן:

מע וועט שיקן נאָר יונגע מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין ווייב און קינדער. און פון די וואָס זיינען געווען גרייט צו פאָרן האָט מען אויסגעקליבן דריי יונגע געלערנטע. אָבער דער דרייסיק־יאָריקער משה, דער זון פון חנוך, איז געקומען צו די פירערס און געזאָגט:

— „עס איז ניט גוט וואָס אַלע געשיקטע פון בבל וועלן זיין צו יונגע מענטשן. מע וועט ניט אַרויסווייזן גענוג דרך־ארץ צו אַזעלכע יונגע מענטשן. שיקט מיך מיט זיי, לאָזט מיך זיין דער פערטער שליח".

האָט מען אים געענטפערט:

— „דו ביסט אַוודאי זייער אַ גוטער שליח, אָבער מיר האָבן באַשלאָסן, אַז עס פאָרן ניט קיין חתונה־געהאַטע און קיין פאָטערס פון קינדער".

אָבער רבי משה האָט זייער שטאַרק געבעטן אַז מע זאָל אים אויך שיקן. ער האָט געזאָגט:

— „ווער עס ווערט געשיקט מיט אַ הייליקן ציל — דערגרייכט דעם ציל".

האָט מען איינגעזען אַז עס דאַרף טאַקע פאָרן אויך איינער וואָס איז אַ ביסל עלטער און מען האָט באַשטימט: זאָל מיטפאָרן אויך רבי משה, חנוכס זון.

# ב. ביי די ברעגן פון איטאַליע

— „איך וועל זיך ניט שיידן פון דיר״, — האָט געזאָגט זיין פרוי שׂרה. — „וואו דו וועסט זיין — וועל איך אויך זיין!״

— „אָבער דער וועג איז אַזאַ ווייטער און אַ געפערלעכער פאַר אַ פרוי און אַ קינד״, — האָט דער מאַן געוואָלט אָפּריידן די פרוי פון איר פּלאַן.

— „אַ פרוי און אַ זיבן־יאָריק קינד דאַרפן ניט פאָרן אין אַזאַ ווייטן און געפערלעכן וועג״, — האָבן אַלע געוואָלט אָפּריידן שׂרהן.

— „ווער ווייסט, וויפל יאָרן עס וועלן אַוועק, ביז ער וועט קו־מען צוריק קיין בבל!״ — האָט שׂרה געזאָגט, — „איך און דאָס קינד וועלן פאָרן מיט אים!״

און מיט אַ שווער געמיט האָבן אַלע זיך געזעגנט מיט דער שיי־נער שׂרה און מיטן זיבן־יאָריקן חנוך, און מיט אַ סך האָפענונגען האָט מען אַרויסבאַגלייט די פיר געשיקטע:

— „פאָרט געזונט און קומט געזונט, און ברענגט אונדז הילף פון אונדזערע גליקלעכערע ברידער!״

די שיף וואָס האָט געפירט די פיר געלערנטע איז געווען אַ פעסטע, די שיפסלייט — זייער געניטע, און ביז די ברעגן פון איטאַ־ליע איז מען געקומען געזונטע און צופרידענע. אָבער האַרט ביים ברעג פון איטאַליע האָבן צוויי פיראַטן־שיפן אָפּגעשטעלט די שיף מיט דער פאָן פון דעם כאַליף פון באַגדאַד. די שיפסלייט האָבן גע־וואָלט זיך שלאָגן און פאַרטיידיקן די מענטשן וואָס זיי פירן. האָט דער פירער פון די פיראַטן געזאָגט:

— „מיר וועלן אייך לאָזן אייער שיף און מיר וועלן אייך קיין זאַך ניט טאָן. גיט אונדז נאָר אַרויס אַלע מענטשן וואָס איר פירט״.

און יענע האָבן אַזוי געטאָן. די פיראַטן האָבן אויסגעפרעגט די געפאַנגענע, ווער פון זיי עס האָט סחורה מיט זיך, ווער עס איז אַ גאָלדשמיד אָדער אַ פאַרבער פון שטאָפן, ווער וואָס עס קען. די פיר געשיקטע פון בבל האָבן געענטפערט אַז קיין סחורה האָבן זיי ניט און קיין מלאכה קענען זיי ניט.

דער פירער פון די פיראַטן האָט צעטיילט די מענטשן וואָס ער

האָט געפאַנגען אין צוויי גרופּעס. איין טייל האָט ער אַרויסגעפירט אויף אַ שיף וואָס איז געפאָרן קיין צפון־אַפריקע, דעם צווייטן טייל האָט ער גענומען צו זיך, אויף זיין שיף וואָס איז געפאָרן קיין שפּאַניע. און די פיר פון בבל וואָס האָבן קיין זאַך ניט געהאַט און קיין זאַך ניט געקענט האָט ער אויך איינגעטיילט אין צווייען. צוויי יונגע מענטשן האָט ער אָפּגעגעבן, און דעם יינגסטן אינאיינעם מיט רבי משהן און זיין משפחה האָט ער גענומען צו זיך.

ווען די פּיראַטן־שיף איז ווייטער געפאָרן, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט ביי די ברעגן פון פראַנקרייך. דאָרטן האָט מען אַ טייל געפאַנגענע אַרויסגעפירט אויפן ברעג און זיי פאַרקויפט פאַר שקלאַפן. צווישן זיי איז אויך געווען איינער פון די געשיקטע — דער יינגסטער, נתן דער כהן. מיט די איבעריקע איז מען געפאָרן קיין שפּאַניע.

# ג. „איך וועל אומקערן פון די טיפענישן פון ים...“

דער פירער פון די פּיראַטן האָט די גאַנצע צייט נאָכגעקוקט שׂרהן, רבי משהס ווייב. די פרוי האָט זיך אָנגעהויבן צו שרעקן פאַר דעם מאָדנעם קוקן פון פּיראַט און זי האָט געפּרואווט זיך באַהאַלטן. אָבער יענער האָט זי אויפגעזוכט און געזאָגט צו איר:

— „דו ביסט שיין און דו געפעלסט מיר, און איך וויל דו זאָלסט ווערן מיין ווייב“.

— „איך בין שוין אַן אַלטע פרוי“, — האָט געזאָגט די שיינע שׂרה, — „איך האָב דאָ אַ זון פון זיבן יאָר. דער האַר קען געפינען אַ שענערע און אַ יינגערע פון מיר!“

— „דו זאָג מיר ניט, וועמען איך זאָל זוכן“, — האָט בייז געענטפערט דער פּיראַט, — „איך האָב דיך געפונען, און דו געפעלסט מיר“.

— „איך האָב אַ מאַן און איך האָב ליב מיין מאַן“, — האָט שׂרה שטיל געזאָגט.

— „וועל איך דיך באַפרייען פון דיין מאַן", — האָט דער פּיראַט זיך צעלאַכט.

שׂרה איז אים געפאַלן צו די פיס און אים גענומען בעטן:

— „דערבאַרעם זיך אויף אונדז!"

האָט דער פּיראַט געזאָגט:

— „איך גיב דיר צייט אַ גאַנצן טאָג, ביז מאָרגן. אויב דו וועסט ווערן מיין ווייב, וועל איך לאָזן לעבן דיין מאַן און דיין קינד און זיי ברענגען קיין שפּאַניע. אויב דו ווילסט ניט ווערן מיין ווייב — וועל איך דיין מאַן און קינד אַריינוואַרפן אין ים. מאָרגן דאַרף איך קריגן דיין ענטפער!"

דעם מאַן האָט שׂרה ניט דערציילט וועגן דעם פּיראַטס רייד. זי האָט דעם מאַן געטרייסט אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן גוט, אַז יידן פון שפּאַניע וועלן זיי אויסלייזן. אויף מאָרגן אָבער איז זי אַרומגעגאַנגען זייער אַ טרויעריקע און אַ בלאַסע. זי איז געשטאַנען מיטן מאַן און קינד ביים ראַנד פון שיף.

דער ים האָט געברומט, כוואַליעס האָבן געהויבן זייערע שוימי־קע קעפּ.

— „וואָס ביסטו היינט אַזאַ טרויעריקע, שׂרה?" — האָט רבי משה זי געפרעגט.

— „איך טראַכט, טאַמער, חלילה, אַז מע ווערט דערטרונקען — געפינט גאָט די וואָס זיינען אין טיפעניש פון ים, זיי צו באַלוינען פאַר דעם גוטס וואָס זיי האָבן געטאָן אין זייער לעבן?"

— „אַוודאי, אַוודאי", — האָט רבי משה שטיל און פאַרטראַכט געזאָגט, — „גאָט געפינט און נעמט צונויף פון אומעטום. אין תהילים ווערט געזאָגט: 'איך וועל אומקערן פון די טיפענישן פון ים'..."

שׂרה האָט זיך אַ בייג געטאָן און אַריינגעשפּרונגען אין ים. רבי משה האָט ניט באַוויזן זי אַ כאַפּ צו טאָן, דער קליינער חנוך האָט ניט באַוויזן אַרויסצוברענגען זיין געשריי: מאַמע! דער שוים פון די כוואַליעס האָט זי שוין פאַרדעקט.

# ד. דער וואָס מע קויפֿט אים פֿאַרן קלענסטן פּרייז

ווען מען האָט די געפֿאַנגענע געפֿירט קיין קאָרדאָוואַ, האָבן זיי זיך געפֿרייט. מע האָט געוואוסט אַז מע וועט בלייבן לעבן. יידן זיינען געווען זיכער ביי זיך אַז זייערע קאָרדאָווער ברידער וועלן פֿאַר זיי געבן אַזוי פֿיל געלט, וויפֿל מע וועט נאָר בעטן — דאָס אויסלייזן געפֿאַנגענע איז דאָך די הייליקסטע מצווה!

נאָר רבי משה איז געווען פֿאַרזונקען אין טרויער. שטילערהייט איז ער נאָכגעגאַנגען די איבעריקע געפֿאַנגענע און געפֿירט פֿאַר דער האַנט דעם זיבן־יאָריקן יתום זיינעם. ער האָט ניט געענטפֿערט אויף די פֿראַגעס פֿון די יידן וואָס זיינען געקומען אָפּקויפֿן די שקלאַפֿן: קענסטו תורה? קענסטו פֿאַרבן שטאָפֿן? קענסטו מאַכן צירונגען? ביסטו געניט אין האַנדל? רבי משה האָט געשוויגן, ער האָט ניט געהערט וואָס מע רעדט צו אים.

האָט מען פֿאַר אים באַצאָלט דעם קלענסטן פּרייז — אַ שקלאַף וואָס קען קיין זאַך ניט און האָט נאָך דערצו אַ קינד וואָס מע וועט דערוויל דאַרפֿן שפּייזן אומזיסט.

ווי נאָר די געפֿאַנגענע זיינען געוואָרן פֿריי פֿון די שקלאַפֿן־פֿאַר־קויפֿערס, האָט איינער פֿון די יידן וואָס האָט זיי געקויפֿט זיך גע־ווענדט צו זיי:

— „ברידער, ניט קיין שקלאַפֿן פֿאַר זיך האָבן מיר געקויפֿט, נאָר מיר האָבן באַפֿרייט אונדזערע אייגענע, אונדזערע נאָענטע. איר זייט אַזוי פֿריי ווי מיר זיינען. אויב איר האָט אַ היים און איר קענט פֿאָרן אַהיים, וועלן מיר אייך העלפֿן קומען צו אייער היים. אויב איר האָט ניט קיין היים און איר ווילט דאָ בלייבן, וועלן מיר אייך העלפֿן אויפֿשטעלן דאָ פֿאַר זיך אַ נייע היים, צווישן אונדז“.

און מען האָט די באַפֿרייטע יידן געגעבן אָן אָרט וואו צו זיין און אַרבעט וואָס פּאַסט פֿאַר יעדערן פֿון זיי. רבי משה האָט ניט דער־ציילט ווער ער איז און צו וואָס ער איז געפֿאָרן. איז ער געוואָרן אַ טרעגער און מיט דעם געשפּייזט זיך און זיין זון.

און ווען דער ווייטיק פון גרויסן אומגליק האָט זיך אַ ביסל געשטילט, האָט רבי משה געגומען בענקען נאָך תורה, נאָך לערנען. ער האָט שוין געוואוסט וואו עס געפינט זיך אין קאָרדאָווא די שול וואו מע לערנט תלמוד. דאָרטן איז דער לערער רבי נתן, דער סאַמע געלערנטער צווישן די יידן פון קאָרדאָווא. און אַלע הערן זיך צו מיט דרך־ארץ צו זיינע ווערטער.

נאָך אַ טאָג פון שווערער אַרבעט איז דער אָרעמער טרעגער געקומען אין דער שול און זיך געזעצט ביי דער טיר. מען האָט זיך געוואונדערט וואָס דער באַפרייטער שקלאַף וואָס קען גאָר ניט קומט הערן ווי מע לערנט, אָבער מע האָט אים ניט געשטערט. זאָל ער אויך הערן אַ וואָרט פון דעם גרויסן לערער רבי נתן! אפשר וועט ער מיט דער צייט עפּעס פאַרשטיין...

# ה. „פאַרנעם מיין אָרט, רבי!"

און אַ נייער ווייטיק נעמט אַרום דעם פרעמדן אָרעמאַן. ער הערט די רייד פון רבי נתן און זעט אַז אַפילו דער סאַמע געלערנטער צווישן די יידן פון קאָרדאָווא פאַרשטייט ניט גענוג גוט דעם תלמוד און ער דערקלערט די שווערע זאַכן ניט אינגאַנצן ריכטיק. אָבער רבי משה שווייגט. ווי קען ער זיך אַריינמישן, ער, דער פרעמדער, דער באַפרייטער שקלאַף, דער אָרעמאַן?

נאָר דאָ הייבט זיך אויף רבי נתנס תלמיד וואָס זיצט ביי דער רעכטער זייט פון זיין רבין און פרעגט אַ קשיא, אַ שווערע פראַגע. און רבי נתן פאַרטראַכט זיך אַ לענגערע צייט און ער ענטפערט:

— „זייט מיר מוחל, מיינע תלמידים, איך קען עס ניט ענטפערן. נאָר די געלערנטע פון בבל, די וואָס זיינען געווען אין די אַלטע באַרימטע שולן ווי אין סורא — זיי וואָלטן געקענט ענטפערן אויף דעם".

און אין דער שטילקייט הייבט זיך אויף רבי משה פון זיין אָרט ביי דער טיר און זאָגט:

— „וועט מיר דערלויבט זיין צו ענטפערן אויף דער קשיא?"

אַלע קוקן זיך אום. מען איז פאַרוואונדערט פון דער חוצפה פון

דעם פרעמדן אָרעמאַן וואָס וויל קלאָר מאַכן אַזוינס וואָס אַפילו רבי נתן קען ניט פאַרענטפערן.

— „קום אַהער, מיין זון", — זאָגט געלאַסן דער אַלטער רבי נתן, — „און מאַך אונדז קלאָר וואָס מיר ווייסן ניט".

און רבי משה איז צוגעקומען און האָט אָנגעהויבן צו ריידן. ער האָט דערקלערט די גאַנצע זאַך וואָס מען האָט געלערנט, ער האָט געענטפערט אויף דער קשיא. ער האָט גערעדט זייער פאַרשטענדלעך. מיט פונאַנדערגעעפנטע אויגן, מיט אָנגעשטעלטע אויערן האָט מען געשלונגען זיינע ווערטער. און ווען ער האָט געענדיקט, האָט רבי נתן זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט, צוגעקומען צו רבי משהן, אים אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן אים אין שטערן און געזאָגט:

— „פאַר דיר פּאַסט מער ווי פאַר מיר צו זיין דער לערער און דער וועגווייזער פון די קאָרדאָווער יידן. פאַרנעם מיין אָרט, רבי, און לאָמיר אַלע טרינקען תּורה פון דיין מויל!"

# ו. „ווער עס ווערט געשיקט מיט אַ הייליקן ציל — דערגרייכט דעם ציל"

רבי משה איז געוואָרן דער לערער און דער וועגווייזער פון די קאָרדאָווער יידן. און ער איז שוין פאַרבליבן אין קאָרדאָווע און ער האָט גרויס געמאַכט דעם נאָמען פון דער שול, דער ישיבה, אין קאָרדאָווע. און יידן פון שפּאַניע האָבן אָנגעהויבן בעסער צו קענען דעם תּלמוד און טיפער צו לערנען גאָטס תּורה. און פון אים, און מיט אים הייבט זיך אָן די צייט, ווען יידן אין שפּאַניע ווערן די סאַמע געביל־דעטע, די סאַמע געלערנטע צווישן אַלע אַנדערע יידן אין דער וועלט.

רבי משה האָט אַריבערגעבראַכט די געלערנטקייט פון בבל קיין שפּאַניע. און מען האָט שפּעטער געזאָגט: זינט עס איז געקומען קיין שפּאַניע דער אָרעמער שקלאַף, רבי משה בן חנוך — האָט זיך אָנגעהויבן די גאָלדענע צייט פאַר יידן אין שפּאַניע.

און ווען רבי משה איז געשטאָרבן, איז דער לערער און וועגוויי־זער פון די יידן אין שפּאַניע געוואָרן זיין זון — רבי חנוך בן רבי

משה. דאָס איז דער יינגל וואָס האָט דורכגעמאַכט מיט זיין פאָטער דעם שווערן וועג פון סוראַ קיין קאָרדאָוואַ און וואָס האָט געזען ווי זיין מוטער וואַרפט זיך אַריין אין די טיפענישן פון ים, כדי זיי ביידן צו ראַטעווען.

און אויך די אַנדערע דריי געשיקטע פון בבל האָבן דערגרייכט דעם גרויסן ציל. דער יינגסטער פון די דריי, נתן דער כהן, וואָס מען האָט אים געבראַכט קיין פראַנקרייך, איז אין נאַרבאָן געוואָרן דער לערער און דער פירער פון די יידן אין דרום־פראַנקרייך. ער האָט אויפגעשטעלט אַ באַרימטע שול וואָס האָט אַרויסגעגעבן גרויסע תל־מידים. די וואָס מע האָט זיי געבראַכט קיין צפון־אַפריקע און דאָרטן פאַרקויפט פאַר שקלאַפן זיינען אויך אויסגעלייזט געוואָרן דורך ברי־דער־יידן און זיינען געוואָרן לערערס און אויפגעשטעלט שולן וואָס זיינען געוואָרן באַרימט. איינער, רבי שמריה, איז געוואָרן דער לע־רער פון יידן אין קאַהיראָ, אין מצרים, און דער צווייטער, רבי חושיאל, איז געוואָרן דער לערער פון יידן אין קיירואַן.

אַלע פיר געשיקטע האָבן געטאָן זייער אַרבעט — זיי האָבן די לערע און די וויסנשאַפט פון בבל אויפגעהיט, פאַרפלאַנצט אין נייע ערטער און צעשפּרייט איבער דער יידישער וועלט. די גרויסע שולן פון בבל זיינען אונטערגעגאַנגען, אָבער די וויסנשאַפט און די לערע פון אָט די שולן איז געבליבן. און יידן האָבן מיט דעם געלעבט הונ־דערטער, הונדערטער יאָרן.

# צוזיי ברייון

# חסדאי אבן שפרוט

## (970־910)

## א. דער דאָקטער און דיפּלאָמאַט

חסדאי איז געווען זייער אַ פּעאיקער, און זיין פאָטער ר׳ יצחק האָט פאַר אים גענומען די בעסטע לערערס וואָס מען האָט געקענט געפינען אין קאָרדאָווע. חסדאי האָט גוט געקענט העברעאיש, די שפּראַך פון די הייליקע שריפטן פון זיין פאָלק, און אַראַביש, די שפּראַך פון זיין לאַנד און פון בילדונג אין יענער צייט, און לאַטיין, די שפּראַך פון די געבילדעטע קריסטן וואָס זיינען יעמאָלט געווען אין זייער אַ קליינער צאָל. חסדאי האָט אויך געלערנט מעדיצין.

דער פאָטער איז געווען רייך און חסדאי האָט ניט געקלערט, פון וואָס ער וועט לעבן. ווען ער האָט געהיילט קראַנקע האָט ער קיין געלט פון זיי ניט גענומען. האָט מען איין מאָל דערציילט דעם כאַליף וועגן דעם יונגן יידישן דאָקטער וואָס נעמט ניט קיין געלט פאַרן היילן. האָט דער כאַליף געוואָלט אים זען.

און ווען חסדאי איז געקומען צום כאַליף אין זיין שיינעם פּאַלאַץ, האָט דער כאַליף זיך געוואונדערט: אַזאַ יונגער מענטש זאָל קענען אַזוי פיל! אַזאַ יונגער מענטש זאָל וויסן אַזוי פיל שיינע מעשׂיות און זאָל קענען ריידן מיטן הערשער אַליין אַזוי פריי, ווי מיט אַ גלייכן! און דער כאַליף האָט אים געזאָגט:

— „ווער מיין הויף־דאָקטער, אָבער דו וועסט מוזן נעמען געלט פאַר דער אַרבעט!“

חסדאי האָט באַדאַנקט און געענטפערט:

— „פון דעם כאַליף פּאַסט מיר צו נעמען געלט“.

דער גרעסטער טייל שפּאַניע איז געווען אין די הענט פון די

אַראַבער. דער כאַליף איז געווען שטאַרק און רייך, און די קריסטלעכע הערשערס פון דעם צפונדיקן טייל שפּאַניע האָבן מורא געהאַט פאַר אים. האָבן זיי אָפט געשיקט צום כאַליף מענטשן מיט מתנות און געבעטן אים, ער זאָל שליסן מיט זיי אַ בונד פון פריינדשאַפט. עס זיינען אויך געקומען מענטשן פון ווייטע קריסטלעכע לענדער. עס איז אָפט געווען שווער זיך צונויפצורעדן מיט זיי, ווייל זיי האָבן קיין אַראַביש ניט פאַרשטאַנען. איז דער יידישער הויף־דאָקטער געווען אויך דער איבערזעצער, ווען די געשיקטע פון די פאַרשיידענע לענדער האָבן געדאַרפט זיך פאַרשטעלן פאַרן כאַליף.

האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז חסדאי איז אַ גוטער דיפּלאָמאַט. ער קען ריידן קלוג און פאַרשטייט ווי אַזוי צו דערגיין, וואָס עס טראַכטן אויף אַן אמת די פרעמדע הערשערס וואָס שיקן זייערע פאַרשטייערס. אַדאַנק זיין קלוגשאַפט איז דעם כאַליפס נאָמען נאָך גרעסער געוואָרן און זיין לאַנד נאָך שטאַרקער.

איין מאָל האָט דער כאַליף געשיקט אַ בריוו צום שטאַרקן קייסער אָטאָ פון דייטשלאַנד. ווען אָטאָ אַ מאָנאַך האָט דעם בריוו איבער־געזעצט, האָט ער אַריינגעשטעלט אַ פּאָר ווערטער וואָס זיינען אַ באַליידיקונג פאַר די קריסטן. איז דער קייסער געוואָרן זייער בייז און האָט געענטפערט מיט אַ בריוו, פול מיט באַליידיקונגען. דער קלוגער חסדאי האָט פאַרשטאַנען אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט. האָט ער אַרויסגעקראָגן פון דעם קייסערס מיניסטער, וואָס האָט דעם בריוו געבראַכט, דעם אינהאַלט, און ער האָט געגעבן אַן עצה דעם כאַליף:

— „נעמט דערווייל ניט אויף דעם קייסערס שליח. זאָל ער וואַרטן".

און יענער האָט געוואַרט אַ גאַנץ יאָר. דערווייל האָט חסדאי געווירקט, אַז דער שליח זאָל שרייבן דעם קייסער, אַז דער כאַליף האָט אים ניט געוואָלט באַליידיקן. ער האָט געווירקט אַז דער קייסער זאָל אָפּרופן זיין ערשטן בריוו און שרייבן אַ צווייטן, אָן באַליידיקונ־גען. און ווען דער כאַליף האָט אויפגענומען דעם שליח פון קייסער, איז אַלץ געווען גוט און פיין. און עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ שלום צווישן דעם שטאַרקן הערשער פון די קריסטן און דעם כאַליף.

האָט דער כאַליף געוואוסט וועמען ער האָט צו פאַרדאַנקען וואָס עס איז שלום אין לאַנד, און דאָס לאַנד ווערט רייך, ווייל עס האַנדלט

מיט נאָענטע און ווייטע. און דער כאַליף האָט געזאָגט זיין יידישן פריינד:

— „איך וויל דיך מאַכן פאַרן גרויס-ווזיר, פאַר מיין הויפּט-מי־ניסטער. זאָג נאָר אַז דו נעמסט אָן מוחמדס גלויבן. זאָג עס נאָר — און פאַרטיק".

— „עס איז מיר ניט וויכטיק דער טיטל וואָס איך האָב און דער כבוד וואָס איך קריג", — האָט חסדאי געענטפערט, — „עס איז מיר נאָר וויכטיק וואָס איך קען ברענגען נוצן מיין לאַנד און מיין כאַליף".

און חסדאי איז געבליבן אַ ייד. ער איז טאַקע ניט געוואָרן דער הויפּט-ווזיר, אָבער ער האָט סיווי געפירט די גאַנצע דיפּלאָמאַטיע פון כאַליף, אַזוי ווי ער וואָלט עס געוועזן. דער כאַליף האָט אים אויך באַשטעטיקט ווי דעם פירער פון די יידן אין זיין לאַנד. און אַלץ וואָס יידן האָבן געדאַרפט — האָבן זיי באַקומען דורך דעם גרויסן יידישן דיפּלאָמאַט.

## ב. „עס איז דאָ אַ יידישע מלוכה!"

איז גוט געוואָרן יידן אין שפּאַניע. חסדאי האָט געהאָלפן איינ־שטעלן ישיבות צו לערנען יידיש וויסן. ער אַליין האָט געשטיצט יידישע געלערנטע און פּאָעטן. דאָס לאַנד איז געוואָרן אַ רואיקער האַפן פאַר דעם געפּלאָגטן יידישן פאָלק. אָבער אין אַנדערע לענדער איז זיי געווען שלעכט.

חסדאי האָט אַ סך מאָל געהערט:

— „גאָט וויל אַז מען זאָל יידן טאָן שלעכטס. ער האָט פון זיי צוגענומען זייער לאַנד. זיי האָבן אין ערגעץ ניט קיין אייגענע מלוכה וואָס זאָל זיך אָננעמען פאַר זיי".

האָט דעם יידישן פירער וויי געטאָן דאָס האַרץ. ער האָט גע־וואָלט וויסן ווי אַזוי עס לעבן יידן. און יעדן געשיקטן פון אַ פרעמד לאַנד האָט ער געפרעגט:

— „זיינען דאָ ביי אייך יידן? ווי גייט עס זיי? מיט וואָס פאַרנעמען זיי זיך? ווי איז מען צו זיי?" און ער האָט זיך געמיט

פון דער ווייט צו העלפן זיינע ברידער פון די לענדער וואו זיי זיינען ניט פריי.

איין מאָל האָט אַ שליח פון אַ ווייט לאַנד געזאָגט:

— „עס איז דאָ אַ יידישע מלוכה מיט אַ יידישן מלך. די מלוכה איז זייער אַ שטאַרקע".

חסדאי האָט זיך זייער דערפרייט. ער האָט גענומען פרעגן און פרעגן, אָבער דער פרעמדער דיפּלאָמאַט האָט ניט געוואוסט מער, אָדער האָט ניט געוואָלט אויסזאָגן. פון איצט אָן האָט חסדאי ביי יעדן געקומענעם פון אַ ווייט לאַנד זיך נאָכגעפרעגט אויף דער יידישער מלוכה. ווייניק האָבן געוואוסט וועגן איר. אָבער בּיסלעכווייז איז חסדאי דערגאַנגען:

די מלוכה איז ווייט, ביי גרויסע טייכן וואָס פאַלן אַריין אין דעם קאַספּישן ים; די הויפּטשטאָט פון דער מלוכה איז ביים גרויסן טייך איטיל (וואָלגאַ) און די הויפּטשטאָט הייסט אויך אַזוי. דאָס פאָלק רופט מען כּוזרים (אָדער כאַזאַרן). עס איז אַ העלדיש פאָלק און האָט איינגענומען אַ סך לענדער.

ווי פאַרבינדט מען זיך מיט דעם יידישן מלך? — האָט חסדאי געטראַכט. עס איז ניט געווען אַזוי גרינג. די וועלט איז געווען אַ ווילדע. די וועגן זיינען געווען געפערלעכע, קיין פאַרבינדונגען מיט אַזעלכע ווייטע לענדער זיינען ניט געווען. דאָס אַלץ איז דאָך געשען מיט ט ו י ז נ ט יאָר צוריק!

ווען דער כאַליף האָט געדאַרפט שיקן אַ דעלעגאַציע קיין בּיזאַנץ, האָט חסדאי מיטגעשיקט אַ יידן מיט אַ בריוו צום יידישן מלך. דער שליח האָט געדאַרפט פון ביזאַנץ אַריבערפאָרן דעם שוואַרצן ים און קומען אין דעם לאַנד פון די כּוזרים. אָבער דער קיניג פון ביזאַנץ האָט ניט געוואָלט אַז דער כאַליף זאָל קענען זיך פאַרבינדן מיט דעם לאַנד פון די כּוזרים. האָט ער געזאָגט:

— „איך האָב ניט קיין שיף וואָס זאָל קענען אַריבערפאָרן דעם שוואַרצן ים. און אויב איך וואָלט געהאַט אַ שיף, וואָלט איך אויך געגעבן אַן עצה ניט צו פאָרן, ווייל אויפן ים זיינען דאָ שרעקלעכע שטורעמס, און די שיף וועט אומקומען".

איז דער שליח געקומען צוריק מיט גאָרניט. אָבער חסדאי האָט ניט אויפגעהערט צו טראַכטן, ווי אַזוי ער קאָן שיקן אַ בריוו צום מלך

פון די כּוזרים. ביז עס זיינען געקומען אַמאָל צו אים יידישע סוחרים פון אונגאַרן, און זיי האָבן זיך אונטערגענומען צו ברענגען חסדאיס בריוו צום מלך פון די כּוזרים. חסדאי האָט זיך זייער דערפרייט. ער האָט אַריינגערופן זיין פריינד דעם גראַמאַטיקער פון העברעאיש מנחם בן סרוק, וואָס האָט געלעבט ביי אים, און ער האָט אים דיקטירט אַ בריוו.

# ג. דער בריוו צום מלך פון די כּוזרים

אָנגעהויבן האָט זיך דער בריוו מיט אַ העברעאישער פּאָעמע וואָס מנחם בן סרוק האָט זי אָנגעשריבן. דערנאָך קומט אַ באַגריסונג צום מלך פון די כּוזרים. ווייטער האָט חסדאי דערציילט אַלץ וואָס ער האָט געהערט וועגן דער ווייטער מלוכה, און ער פרעגט זיך נאָך:

„איז דאָס אמת אַז די כּוזרים שטאַמען פון די צען שבטים וואָס זיינען פאַרפאַלן געוואָרן? איז דאָס אמת אַז דאָס איז דער שבט שמעון און האַלבער שבט מנשה? צי ווייסט דער מלך פון די כּוזרים וועגן אַנדערע פון די צען שבטים וואָס זיינען געבליבן? און צי האָבן זיי אויך אייגענע מלוכות?"

דער בריוו דערציילט ווייטער וועגן די יידישע צרות אין אַ סך לענדער פון דער וועלט, און חסדאי פרעגט ווידער:

„צי רעכנט איר אַז עס איז נאָענט די צייט, ווען יידן וועלן קענען צוריקקערן אין דעם לאַנד פון די אָבות, אין ארץ־ישׂראל? צי גלייבט איר אַז אינגיכן וועט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק מערניט זיין צעוואָרפן איבער דער וועלט און ליידן פון פרעמדע הערשערס? און וואָס קענט איר דערווייל טאָן צו העלפן יידן אין אַנדערע לענדער?"

און צום סוף דערציילט חסדאי וועגן זיך און וועגן דעם כּבוד וואָס ער האָט ביים כאַליף, און וועגן דעם אַז ער איז דער פירער פון די יידן אין זיין לאַנד, און וועגן זיינע באַמיאונגען צו העלפן יידן אין אַנדערע לענדער, און ער פאַרענדיקט:

„ווען עס וועט צו מיר דערגיין אייער ענטפער, און איך וועל זען אַז איך קען מיט עפּעס וואָס העלפן דער יידישער מלוכה, בין איך גרייט אָוועקצוואַרפן מיין פאַרמעגן, און מיין כּבוד, און מיין מאַכט,

און זיך לאָזן אין דער ווייטער און געפערלעכער נסיעה צו אייך, אַבי צו דינען דער יידישער מלוכה".

די יידישע סוחרים פון אונגאַרן האָבן דעם בריוו מיטגענומען. און זיי זיינען געווען געטרייע מענטשן. זיי האָבן געפונען אַן אַנדער יידישן סוחר וואָס איז געפאָרן אין דער הויפּטשטאָט פון די כּוזרים, און יענער איז לאַנגע חדשים געפאָרן איבער ווילדע סטעפּעס און דערפירט דעם בריוו צום מלך פון די כּוזרים.

און דער מלך פון די כּוזרים האָט מיט פרייד געענטפערט, און נאָך אַ סך וואַרטן האָט חסדאי באַקומען דעם בריוו.

# ד. דער ענטפער פון דעם מלך יוסף

דער מלך שטעלט זיך פאָר אַז ער הייסט יוסף און אַז זיין פאָטער האָט געהייסן אהרן. ער גיט איבער אַז ער לעבט אין זייער אַ רייך געצעלט מיט גאָלדענע באַפּוצונגען און אַז ער האָט אַ שטאַרקע אַרמיי. ער דערציילט אויך אַז אין זיין לאַנד זיינען דאָ אַ סך יידן, און עס זיינען דאָ געלערנטע צווישן זיי וואָס ווייסן די תורה און קענען די רייד פון די גרויסע יידישע חכמים. עס זיינען דאָ אין זיין לאַנד אויך אַ סך ניט-יידן, מוחמדאַנער, קריסטן און אויך געצנדינערס און אַלע זיינען פריי און גלייך.

ניין, ער שטאַמט ניט און זיין פאָלק שטאַמט ניט פון די קינדער פון אַברהם. ער און זיינע עלטערן און די חשובֿע לייט פון זיין לאַנד גלייבן אין איין-איינציקן גאָט אַזוי ווי אַברהם און היטן, די תורה וואָס משה האָט געגעבן די יידן און איז פאַרטייטשט געוואָרן דורך די יידישע געלערנטע. דער יידישער גלויבן איז פעסט אין זיין לאַנד, שוין דעם צוועלפטן דור. און ער פאַרציילט אַזוי:

מיין עלטער-עלטער-עלטער-זיידע, פון עלף דורות צוריק, האָט געהייסן בולאַן. ער איז געווען אַ קלוגער מענטש און ער האָט איינגעזען אַז עס קען ניט זיין ריכטיק דער גלויבן אין געצן פון האָלץ און פון שטיין. אים האָט זיך געחלומט, אַז ער הערט אַ שטים פון גאָט וואָס רופט אים: „דערקען מיך! דערקען מיך!"

האָט ער געטראַכט: ווי אַזוי געפין איך דעם ריכטיקן וועג צו

גאָט? עס זיינען דאָך דאָ יידן און קריסטן און מוחמדאַנער און זיי אַלע גלייבן אין איין גאָט, און זיי אַלע זאָגן אַז זייער גלויבן איז דער ריכטיקער.

האָט ער פאַררופן צו זיך אַ יידישן חכם, אַ קריסטלעכן און אַ מוחמדאַנישן פּריסטער. און זיי האָבן גערעדט צו אים און יעדערער האָט געלויבט זיין גלויבן. און יעדער איינער האָט אָפּגעשלאָגן די רייד פון דעם צווייטן. האָט דער עלטער-עלטער-זיידע ווידער ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן. האָט ער געפרעגט דעם קריסט:

— „ווי איך פאַרשטיי פון דיינע רייד, איז יעזוס קריסטוס אַליין געבאָרן געוואָרן אַ ייד, און דער יידישער גלויבן איז געווען פאַרן קריסטלעכן, איז עס אַזוי?"

— „עס איז אַזוי", — האָט געמוזט צוגעבן דער קריסט.

נאָך דעם האָט ער געפרעגט דעם מוחמדאַנער:

— „איז עס אמת אַז דער יידישער גלויבן איז געווען פריער פאַר דעם מוחמדאַנישן און אַז מוחמד אַליין האָט געזאָגט אַז משה איז געווען אַ גרויסער נביא?"

— „אמת", — האָט געמוזט אַרויסזאָגן דער מוחמדאַנער.

און דער קלוגער עלטער-עלטער-זיידע האָט ווידער געפרעגטביים קריסט:

— „אויב דו וואָלסט ניט געווען קיין קריסט, וואָסער גלויבן וואָלסטו אויסגעקליבן: דעם יידישן אָדער דעם מוחמדאַנישן?"

און דער קריסט האָט געענטפערט:

— „דעם יידישן".

און צום מוחמדאַנער האָט ער זיך געווענדט:

— „אויב דו וואָלסט ניט געווען קיין מוחמדאַנער, וואָסער גלויבן וואָלסטו אויסגעקליבן: דעם יידישן אָדער דעם קריסטלעכן?"

און ער האָט געהערט דעם ענטפער:

— „דעם יידישן".

האָט ער געפרעגט דעם ייד:

— „אויב דו וואָלסט ניט געבאָרן געוואָרן קיין ייד, וואָסער גלויבן וואָלסטו אויסגעקליבן: דעם קריסטלעכן אָדער דעם מוחמדאַנישן?"

דער יידישער חכם האָט געזאָגט:

— „אויב איך וואָלט ניט געבאָרן געוואָרן קיין ייד — וואָלט איך ניט געוואָלט געבאָרן ווערן!"

מיין עלטער-עלטער-זיידע האָט זיך אויפגעשטעלט און געמאָלדן:

— „איר אַלע דריי האָט שוין באַשלאָסן פאַר מיר — איך ווער אַ ייד!"

און דער מלך בולאַן האָט איינגעפירט דעם יידישן גלויבן פאַר זיך און זיין משפחה. נאָך דעם האָבן אים נאָכגעטאָן אַלע חשובע לייט פון זיין לאַנד. און פון דעמאָלט אָן זיינען מיר יידן. און אין מיין לאַנד געפינען יידן רו און פרייהייט, ווען זיי קומען פון די ערטער וואו מע טוט זיי שלעכטס.

צום סוף פון בריוו פאַרבעט דער מלך יוסף חסדאין צו זיך, און אויב ער וועט אפשר ניט וועלן בלייבן ביי אים אויף שטענדיק, זאָל ער אָבער קומען און זען ווי עס פירט זיך אין דער יידישער מלוכה און איר העלפן מיט זיינע קלוגע עצות.

# ה. וואָס איז אַרויסגעקומען פון די בריוו?

די ביידע בריוו זיינען פאַרבליבן, און פון זיי וויסן מיר אַ סך וועגן חסדאין, דעם קלוגן דיפּלאָמאַט און גרויסן ייד. און נאָך מער וועגן דער מלוכה פון די כּוזרים. די בריוו גיבן אונדז אַ בילד פון אַ ווייטער צייט.

אָבער מער איז פון דעם ניט אַרויסגעקומען. אַ קורצע צייט נאָכן אָנשרייבן דעם צווייטן בריוו איז געשען אַ גרויס אומגליק. אַ שטאַרקער רוסישער פירשט איז פּלוצלונג באַפאַלן די מלוכה פון די כּוזרים און האָט זי באַזיגט. ער האָט צעשטערט די שטעט פון די כּוזרים, וואָס האָבן געמוזט אַנטלויפן, אַנדערע קיין קרים, אַנדערע — אין פאַרשיידענע געגנטן. די מלוכה איז אונטערגעגאַנגען.

אַ יאָר נאָך דעם איז ביי זיך אין קאָרדאָוואַ געשטאָרבן ר' חסדאי אבן שפּרוט. ער האָט פאַרבעסערט און פאַרפעסטיקט די לאַגע פון יידן אין שפּאַניע. אַדאַנק אים וויסן מיר אויך וועגן דער ווייטער און וואונדערלעכער מלוכה, דער יידישער מלוכה פון די כּוזרים.

# דער קרעמער—דער גאון

# ר׳ שמואל הנגיד

## (1055-993)

## א. דער קרעמער, די דינסט און דער גרויס-וויזיר

די יידישע וויסנשאַפט פון בבל האָט שוין געבליט אין שפּאַניע. מען האָט שוין איצט געדאַרפט אַ סך קענען כּדי זיך אויסצוצייכענען. אָבער אַלע האָבן געוואוסט: דער גרעסטער קענער פון תּלמוד איז דער יונגער שמואל פון קאָרדאָווע. ער האָט געקענט מער פון זיינע חברים אין דער באַרימטער ישיבה, אויך מער פון זיינע רביים. אָבער שמואל האָט נישט געוואָלט ווערן קיין רב, נישט געוואָלט ווערן קיין פירער פון אַ ישיבה. ער האָט געעפנט אַ קראָם און פון דעם געלעבט.

עס זיינען אָנגעפאַלן ווילדע אַראַבער אויף קאָרדאָווע. אינאיינעם מיט אַ סך אַנדערע יידן איז דער קרעמער שמואל אַנטלאָפן. ער איז געקומען קיין מאַלאַגאַ, און דאָרטן האָט ער ווידער געעפנט אַ קראָם. ער האָט געקענט אַ סך שפּראַכן, ער האָט געקענט די גאַנצע וועלט-לעכע וויסנשאַפט פון זיין צייט, אָבער ער איז אַ גאַנצן טאָג געשטאַנען אין קראָם און האָט פאַרקויפט שפּייזן און געווירצן.

די קראָם איז געווען נישט ווייט פון דעם פּאַלאַץ וואו עס האָט גע-וואוינט דער גרויס-וויזיר, דער הויפּט-מיניסטער פון דעם כּאַליף. פלעגט די דינסט קומען דאָרטן קויפן שפּייזן און געווירצן. זי פלעגט אויך בעטן דעם קרעמער, ער זאָל פאַר איר שרייבן באַריכטן וואָס עס טוט זיך אין שטאָט, וואָס עס ריידן צווישן זיך די איינוואוינערס און צי ווי זיינען צופרידן מיט דעם גרויס-וויזיר. אַזוי האָט ער איר באַ-

פּוילן, ווייל ער האָט געוואָלט וויסן וואָס עס רעדט און וואָס עס טראַכט דאָס פּשוטע פאָלק.

די באַריכטן זיינען געווען אַזוי שיין געשריבן און זיי זיינען געווען אַזוי קלוג, אַז דער גרויס-וויזיר האָט פאַרשטאַנען — זיין דינסט קען זיי ניט שרייבן!

— „ווער שרייבט פאַר דיר דיינע באַריכטן?״, — האָט דער גרויס-וויזיר איין מאָל געפרעגט זיין דינסט.

און די דינסט האָט געזאָגט דעם אמת:

— „דער יידישער קרעמער וואָס איך קויף ביי אים שפּייז שרייבט די באַריכטן״.

— „זאָג דעם יידישן קרעמער אַז ער זאָל קומען צו מיר!״, — האָט דער גרויס-וויזיר באַפוילן.

און דער קרעמער איז געקומען און איז אַזוי געפעלן געוואָרן דעם גרויס-וויזיר מיט זיין חכמה און זיין וויסן, אַז ער האָט אים געמאַכט פאַר זיין סעקרעטאַר. און נאָך דעם איז דער קרעמער געוואָרן זיין בעסטער פריינד. דער גרויס-וויזיר האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. איז דער כאַליף געקומען פון גראַנאַדע צו זיין גרויס-וויזיר, און ווען ער איז געזעסן ביי זיין בעט, האָט ער געזאָגט:

— „נאָר דו האָסט גרויס געמאַכט מיין נאָמען צווישן די אַנדערע אַראַבישע הערשערס. וואָס וועל איך טאָן אָן דיר?״

— „זאָל זיך מיין האַר ניט זאָרגן״, — האָט געענטפערט דער גרויס-וויזיר פאַרן שטאַרבן, — „ניט איך האָב געפירט די אַלע געשעפטן פון מיין האַר, נאָר מיין סעקרעטאַר. איך בעט דיך, זאָל ער פאַרנעמען מיין אָרט נאָך מיין טויט. זאָג עס מיר צו, וועל איך רואיק קענען פאַרמאַכן די אויגן אויף אייביק...״

— „אָבער דיין סעקרעטאַר איז דאָך אַ ייד״, — האָט דער כאַליף געזאָגט.

— „זאָל דאָס ניט אַרן מיין האַר. ער איז זייער אַ קלוגער און געלערנטער און ער וועט גוט פירן אַלע געשעפטן פון דעם לאַנד. זאָל דער האַר מיר צוזאָגן, אַז נאָך מיין טויט וועט מיין סעקרעטאַר פאַרנעמען מיין אָרט״.

דער כאַליף האָט צוגעזאָגט. און ער האָט געהאַלטן וואָרט. רבי

שמואל איז אַריבערגעקומען קיין גראַנאַדע, און דאָרטן איז ער געוואָרן דער גרויס-וויזיר פון דעם גראַנאַדער כאַליף.

## ב. „אַלץ וואָס ער טוט — טוט ער גוט"

ר' שמואל האָט זיך פאַרנומען מיט אַלע געשעפטן פון כאַליף. ער האָט אָבער געהאַט אויך אין זינען אַלע זאָרגן פון יידן אין זיין לאַנד. ער האָט געהאָלפן די געלערנטע, ער האָט געעפנט שולן צום לערנען, ער האָט געפירט די יידישע געשעפטן אַזוי גוט און אַזוי קלוג ווי די אַלגעמיינע. און יידן האָבן אים ליב געקריגן און געהאַט פאַר אים גרויס דרך-ארץ.

האָט רבי שמואל באַקומען דעם טיטל — נגיד, דאָס הייסט פירער. און מען האָט אים שוין גערופן רבי שמואל הנגיד. ער איז געווען דער שטענדיקער פאַרטיידיקער פון אַלע יידן. ער האָט אָנגעוויזן ווי אַזוי יידן זאָלן זיך פירן אין אַלע זייערע געזעלשאַפטלעכע זאַכן, און אַלע האָבן אים געפאָלגט.

און מען האָט זיך געוואונדערט:

— „וואו האָט דאָס אונדזער רבי שמואל אַזוי פיל צייט? איר ווייסט, זיין גרויס ווערק וועגן תלמוד, דער „אריינפיר אין תלמוד", איז דאָך אַ בוך פון אַ גאון! עס עפנט דאָך די אויגן!"

— „ער איז דער גרעסטער קענער פון דער העברעאישער גראַמאַטיק אין אונדזער צייט!", — האָט מען געזאָגט מיט באַוואונדערונג.

— „ער שרייבט שיינע העברעאישע לידער, פול מיט קלוגע עצות ווי אַזוי זיך צו פירן אין לעבן", — האָט מען זיך ניט געקענט אָפּלויבן פון שמואל הנגיד.

— „ער איז אַזוי ווי דוד המלך!", — האָט מען אויסגערופן, — „ער איז אַ גרויסער פירער אין מלחמה און אַ גרויסער זינגער. די שווערד און די פען דינען אים ביידע גלייך!"

— „ער איז אַזאַ גרויסער געלערנטער ווי רבי עקיבא און אַזאַ העלד ווי בר-כוכבא! ער איז אַ רבי עקיבא און אַ בר-כוכבא אינאיינעם!" — האָט מען אויסגעשריען אין באַגייסטערונג.

און דערביי האָט מען פרום צוגעגעבן:

— „זאָל ער אונדז נאָר זיין אַ פירער אויף לאַנגע יאָר, אָן דעם טרויעריקן סוף פון רבי עקיבא און בר-כּוכבא“.

רבי שמואל הנגיד האָט טאַקע געהאַט אַ סך שׂונאים און יידן האָבן זיך געשראָקן פאַר זיין לעבן. מען האָט געמאַכט קעגן אים אינטריגעס אין הויף פון כאַליף, און די הערשערס פון די אַנדערע לענדער זיינען אַ סך מאָל אָנגעפאַלן אויף דעם לאַנד און האָבן דערביי געזאָגט:

— „מיר ווילן באַפרייען די מוחמדאַנער פון דעם ייד וואָס הערשט איבער זיי“.

אָבער דער כאַליף האָט געגלייבט זיין קלוגן גרוים-וויזיר און זיך נים צוגעהערט צו זיינע שׂונאים. און דער יידישער גרוים-וויזיר האָט אַליין אָנגעפירט די אַרמיי און האָט צעשלאָגן אין אַ סך שלאַכטן די פרעמדע וואָס זיינען באַפאַלן דאָס לאַנד.

האָט מען געזען — רבי שמואל הנגיד איז זייער אַ גרויסער מענטש וואָס טויג צו אַלץ: ער איז אַן אַרמיי-פירער, אַ העלד אויפן שלאַכטפעלד, אַ פאַרשטענדיקער דיפּלאָמאַט, אַ גוטער אָנפירער אין טעג פון שלום, אַ מענטש וואָס קען שרייבן וויסנשאַפטלעכע ווערק און לידער, דער גרעסטער געלערנטער ביי יידן און זייער בעסטער פאַרטיידיקער.

— „אַלץ וואָס ער טוט — טוט ער גוט“, — דאָס איז געווען אַלעמענס מיינונג וועגן רבי שמואל הנגיד.

# ג. „שנייד אים אויס זיין בייזע צונג!“

איין מאָל איז דער כאַליף געגאַנגען שפּאַצירן מיט זיין גרוים-וויזיר. זיי זיינען פאַרביי־געגאַנגען אַ קראָם פון אַן אַראַבער. יענער איז אַרויס פון זיין קראָם און אָנגעהויבן צו זידלען און צו שילטן דעם גרוים-וויזיר:

— „פאַרשאָלטענער ייד! הונט! איבער דיר האָבן מיר מלחמות, איבער דיר האָבן אונדז פיינט אַלע אַנדערע מוחמדאַנישע לענדער! ווען וועט שוין דיין טויטער קערפּער זיך וואַלגערן אין גאַס?“

רבי שמואל האָט קיין זאַך ניט געזאָגט. נאָר דער כאַליף איז געוואָרן זייער אין כּעס. ער האָט געהייסן די וועכטערס, זיי זאָלן אַרעסטירן דעם אַראַבער, און זיין גרוים-וויזיר האָט ער באַפוילן:

— „שנייד אים אוים זיין בייזע צונג!"

ווען רבי שמואל איז שוין געווען אין דער היים, האָט ער גע־טראַכט און געטראַכט: וואָס זאָל ער טאָן? ווי קען ער הייסן אוים־שניידן אַ צונג ביי אַ מענטשן? און ווי קען ער ניט פאָלגן דעם כאַליף?

האָט ער געהייסן ברענגען צו זיך דעם אַראַבער און האָט מיט אים אָנגעהויבן צו ריידן. ער האָט גערעדט צו אים ווי צו אַ פריינד. ער האָט אים דערציילט, ווי אַזוי ער איז אַמאָל אויך געווען אַ קרע־מער. ער האָט אים געפרעגט וועגן זיינע געשעפטן און אים געגעבן אַ פּאָר גוטע עצות ווי אַזוי צו פירן די קראָם. זיי האָבן אַזוי לאַנג געשמועסט, ביז דער בייזער שׂונא זיינער איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. און ווען רבי שמואל האָט געזען אַז יענער וועט קיין מאָל קיין שלעכט וואָרט וועגן אים שוין ניט זאָגן, האָט ער אים געהייסן גיין אַהיים אין פרידן.

אַ געוויסע צייט שפּעטער איז דער כאַליף ווידער געגאַנגען שפּאַ־צירן מיט זיין גרוים-וויזיר. זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען די זעלביקע קראָם פון דעם אַראַבער. יענער איז אַרוים פון זיין קראָם און אָנגע־הויבן צו לויבן און צו דאַנקען דעם גרוים-וויזיר:

— „דו ביסט דער מענטש מיטן קליגסטן שׂכל און איידלסטן האַרץ!"

— „איז עס דער זעלביקער קרעמער וואָס האָט דיך געשאָלטן?" — האָט דער כאַליף געפרעגט. — „איך האָב דאָך באַפוילן, דו זאָלסט אים אויסשניידן זיין בייזע צונג!" — האָט ער געזאָגט אַן אומצופרי־דענער.

— „איך האָב דורכגעפירט דעם כאַליפס באַפעל", — האָט רבי שמואל געענטפערט, — „איך האָב אים אויסגעשניטן זיין בייזע צונג און אַריינגעגעבן אים אין מויל אַן אַנדער צונג, וואָס איז גוט און רעדט גוטע ווערטער".

דער כאַליף האָט געשמייכלט.

ניט אַלע מאָל איז געווען גרינג אויסצוקומען מיט דעם כאַליף

וואָס איז געווען אַ ווילדער הערשער. ער אַליין איז געווען אַ בערבער פֿון צפֿון־אַפֿריקע. די געבילדעטע מוּחמדאַנער פֿון זיין לאַנד האָבן אים פֿיינט געהאַט פֿאַר זיין ווילדקייט. דער כאַליף האָט עס געוואוסט. האָט ער איין מאָל געהייסן זיין גרויס־וויזיר, ער זאָל צונויפֿרופֿן אַלע געבילדעטע מוּחמדאַנער, אַלע פּאָעטן און געלערנטע, און ווען זיי וועלן זיין אויפֿן כאַליפֿס יום־טוֹב, זאָל מען זיי באַפֿאַלן און זיי אויס־הרגענען. וויפֿל רבי שמואל האָט זיך ניט צעבעטן, מע זאָל עס ניט טאָן, האָט ניט געהאָלפֿן. דער כאַליף האָט אים באַפֿוילן, ער זאָל מאַכן אַזאַ „יום־טוֹב" פֿאַר די מוּחמדאַנישע פּאָעטן און געלערנטע.

האָט רבי שמואל געשטעלט דאָס אייגענע לעבן אין געפֿאַר און האָט קיינעם ניט געהייסן קומען. דערווייל זיינען אָנגעקומען שווערע צייטן פֿאַרן לאַנד, אַ שׂונא איז באַפֿאַלן, און דעם כאַליף איז שוין ניט געלעגן אין קאָפּ אויסצוהרגענען די בעסטע מענטשן פֿון זיין לאַנד.

# ד. צוויי בריוו מיט דער טויבן־פּאָסט

דער גרויס־וויזיר איז אַרום מיט דער אַרמיי קעגן זיינע שׂונאים. זיי זיינען געווען גרויס אין צאָל און האָבן אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן די קלענערע אַרמיי פֿון רבי שמואל. ער האָט געמיינט אַז דאָ קומט שוין זיין סוף. האָט ער געשריבן אַ בריוו צו זיין זון יוסף, וואָס ער האָט אים זייער ליב געהאַט. דאָס איז געווען אַ בריוו אַ צוואה. ער האָט אים אָנגעזאָגט ער זאָל זיך פֿירן מיט ערלעכקייט און גוטס־קייט, אַז ער זאָל זען צו לעבן בשלום מיט יידן און מוּחמדאַנער. ער האָט אים געהייסן, ער זאָל קיין מאָל ניט זיין שטאָלץ ביי זיך, און געגעבן נאָך קלוגע עצות ווי אַזוי זיך צו פֿירן. און ער האָט זיך האַר־ציק געזעגנט מיטן זון.

אָבער ער איז געווען אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן. ווי אַזוי זאָל ער שיקן דעם בריוו? נאָר ער האָט געהאַט מיט זיך טויבן פֿון זיין זונס טויבנשלאַק. האָט ער דעם בריוו צונויפֿגעלייגט און צוגעבונדן אונטערן פֿליגל פֿון אַ טויב און זי אָפּגעלאָזן.

מיין זון וועט מיין צוואה קריגן — האָט ער זיך געטראַכט. און

רבי שמואל איז מיט גרויס מוט און אומגעריכט באַפאַלן זיינע שׂונאים וואָס האָבן געמיינט אַז זיי האָבן אים שוין געכאַפּט. ער האָט פריער זיך געוואָרפן אויף איין זייט און — צעקלאַפּט, נאָך דעם גלייך אויף דער צווייטער זייט — און ווידער צעקלאַפּט די שׂונאים. דער יידי־שער גרויס־וויזיר האָט געזיגט.

אין פרייד פון דעם זיג האָט ער אָנגעשריבן זיין שענסטע פּאָעמע, אַ לויבליד צו גאָט פאַרן זיג איבער די שׂונאים. פול מיט האַרציקן דאַנק און מיט אויסגעשרייען פון נצחון:

— „די קנעכט מיט די האַרן, די פירשטן און די דינער — אַלע ליגן זיי אינאיינעם! עס איז אויסגעמעקט דער זכר פון עמלק פון דעם שפּאַנישן לאַנד! זיין פלייש איז אַ מתנה פאַר די ווילדע חיות פון פעלד, זאָלן די שאַקאַלן פירן זייער קאַראַהאָד איבער זיי!"



און רבי שמואל האָט ניט געקאָנט וואַרטן, ביז ער וועט קומען צו זיין זון מיט גוטע ניים. ער האָט דאָך אים גע־שיקט זיין צוואה, און דער זון איז אין שרעק. האָט ער גע־שיקט אים אַ צווייטן בריוו מיט אַ צווייטער טויב, געשיקט אים זיין ליד פון נצחון און צוגעשריבן:

— „אַ טויב שיק איך צו דיר מיט ניים. שטום איז איר צונג, נאָר אַ צעטעלע טראָגט איר פליגל. גלייך פליט די טויב צו מיין זונס הויז — ער וועט איר וואָרקען דערקענען. אויף זיין האַנט וועט זי זיך זעצן, מיט ליבשאַפט וועט ער זי גלעטן, דאָס צעטעלע וועט ער אָפּ־בינדן און וועט לייענען: מיין זון, זיי וויסן, צעשלאָגן איז די פאַר־שאָלטענע באַנדע, איבער אַלע בערג איז זי צעשפּרייט, אַזוי ווי שפּריי, געטראָגן פון ווינט!"

# ה. אַ כּלה פאַרן זון

דער כאַליף איז געווען זייער צופרידן מיטן זיג. האָט ער געזאָגט זיין גרוים-וויזיר:

— „דיין זון יוסף וועט זיין נאָך דיר מיין גרוים-וויזיר. זאָל ער ווערן אַ מוחמדאַנער, און איך גיב אים מיין טאָכטער פאַר אַ ווייב!"

שווער איז דאָס רבי שמואלן געווען צו הערן. ווי זאָל ער זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ כּבוד? האָט ער געטראַכט: איך וואָלט שוין לאַנג געדאַרפט חתונה מאַכן מיין זון; די שענסטע און פיינסטע יידישע טעכטער פון גראַנאַדע ווילן אים פאַר אַ מאַן. וואָס זאָל איך ענטפערן דעם כאַליף? נאָר דעם אמת!

— „מיין האַר", — האָט רבי שמואל געזאָגט, — „איך האָב אַ חבר און אַ פריינד. ער איז אַ גרויסער יידישער געלערנטער אין קיי-רואַן. ער איז אָרעם און איך שיק אים הילף. ער זאָל שטענדיק זיך פילן ווי אַ גלייכער מיט מיר, האָב איך אים צוגעזאָגט: ווען דיין טאָכטער וועט אויסוואַקסן, וועט זי ווערן מיין זונס ווייב. זאָל איך איצט, אין דעם טאָג פון מיין פרייד, ברעכן מיין וואָרט?"

דער כאַליף האָט געשוויגן. און רבי שמואל האָט געשיקט מענטשן צו זיין חבר רב נסים קיין קיירואַן און זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך רב נסימס טאָכטער. און רבי שמואל האָט זיך געקליבן מיט גרוים פּאַראַד צו פּראַווען די חתונה פון זיין זון.

רב נסימס טאָכטער איז געווען אַ קליינינקע און אַ שוואַרצינקע, איז זי יוספן ניט געפעלן געוואָרן, ווען ער האָט זי דערזען.

— „טו ווי דו ווילסט, מיין זון", — האָט רבי שמואל געזאָגט, — „אָבער איידער דו זאָגסט ניין, און דו פאַרשעמסט זי און דו שטעלסט אויך מיך אין געפאַר, זאָל זי דאָ זיין ביי אונדז, און דו דערקען זי בעסער".

און יוסף האָט זיך בעסער באַקענט מיט רב נסימס טאָכטער און זיך דערוואוסט ווי קלוג זי איז און ווי געלערנט זי איז, און ער האָט אויך צוגעשטימט צו דער חתונה.

דאָס איז געווען אַ גרויסע פרייד פאַר רבי שמואלן אויף דער על-טער. דערווייל איז געשטאָרבן דער כאַליף. זיינע צוויי זין האָבן פאַרפירט אַ קאַמף, ווער עס זאָל אַרויף אויפן טראָן. רבי שמואל האָט

מיט גרויס קלוגשאַפט געמאַכט שלום צווישן זיי, און דער עלטערער האָט געירשנט זיין פאָטער. און ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן איז רבי שמואל געווען דער גרויס-וויזיר און האָט געטאָן אַ סך גוטס פאַר זיין לאַנד און פאַר יידן.

## ו. יוסףס טרויעריקער סוף

יוסף איז נאָך געווען יונג, ווען ער איז געוואָרן גרויס-וויזיר — אינגאַנצן 24 יאָר אַלט. און ער האָט זיך געפירט מיט פעסטקייט און זיכערקייט. ער האָט באַשטימט אַ סך יידן ווי זיינע געהילפן און ער האָט געהאַט אַ סך שׂונאים צווישן די מוחמדאַנער.

דער קרוינפרינץ איז פלוצעם געשטאָרבן. האָט מען אויסגע־טראַכט, אַז יוסף האָט אים פאַרסמט. אַ שטאַרקער שׂונא האָט באַלאַ־גערט גראַנאַדע. האָט מען אויסגעטראַכט, אַז דאָס האָט יוסף גע־בראַכט דעם שׂונא. זיינען אויפגעהעצטע מוחמדאַנער באַפאַלן זיין הויז. יוסף האָט זיך באַהאַלטן אין קעלער מיט קוילן. ער האָט זיך פאַרשמירט דאָס פּנים מיט די קוילן און געוואָלט אַנטלויפן. מען האָט אים אָבער געכאַפּט, אים דערקאָנט און דערהרגעט.

ניט גרינג און פול מיט געפאַרן איז געווען אַזאַ הויכער אַמט ווי גרויס-וויזיר. נאָר אַזאַ קלוגער ווי רבי שמואל האָט געקענט 35 יאָר זיך האַלטן אויף אַזאַ אַמט און ברענגען אַזוי פיל נוצן זיין פאָלק. האָט מען רבי שמואלן באַזונגען ביי זיין לעבן און נאָך זיין טויט. איין דיכ־טער האָט אין אַ ליד געזונגען:

„גרויס ווי דער ים איז זיין פאַרשטאַנד און אַלע סודות זיינען פאַר אים אָפן. ברייט ווי די וועלט איז זיין האַרץ. מלכים שעפּן פון זיין ליכט. ווי שטומע שאָף זיינען קעגן אים אַלע אַנדערע מענער פון דער מלוכה".

און אַן אַנדער דיכטער האָט געזונגען:

„שמואל הנגיד שיינט איבער אונדזער לאַנד ווי שמואל הנביא האָט געשיינט אין רמה".

שמואל הנגיד איז געווען אַ שיין פאַר יידן פון זיין לאַנד, און אַ דאַנק אים האָט זיך פאַרפעסטיקט די גאָלדענע צייט פאַר יידן אין שפּאַניע.

## דער אַלטער ריכטער

# רבנו בחיי אבן פקודה

## א. „איך מוז אָנשרייבן אַ ספר!“

— „גאַנץ סאַראַגאָסאַ איז צעטומלט געוואָרן, ווען מען האָט זיך דערוואוסט אַז איר ווילט מער ניט זיין אונדזער דיין, אונדזער ריכ-טער, אונדזער פירער!“ — אַזוי האָבן גערעדט די פאָרשטייערס פון סאַראַגאָסער יידן פאַרן אַלטן רבנו בחיי, וואָס איז געזעסן מיט אַ ליבן שמייכל אויף זיין צעקנייטשטן פּנים.

— „האָבן מיר חלילה אייך מיט עפּעס באַליידיקט? האָבן מיר אייך ניט געפאָלגט?“ — האָט אַן אַלטער מאַן געפרעגט.

— „ווי וועט דאָס סאַראַגאָסאַ האָבן אַן אַנדער ריכטער? ווען איך בין געבאָרן געוואָרן, זייט איר שוין דאָ געווען דער דיין!“ — האָט אַ יינגערער געזאָגט.

— „קינדערלעך מיינע“. — האָט דער אַלטער דיין באַרואיקט די פאָרשטייערס פון דער יידישער קהילה, — „אַוודאי האָב איך קיין שום טענות ניט צו אונדזער קהילה וואָס האַלט אין איין וואַקסן, הלוואי אויך ווייטער אַזוי! איך האָב די גאַנצע צייט אָוועקגעגעבן צו זיין אייער ריכטער, מיין גאַנצע צייט, ביז שפּעט אין דער נאַכט. נאָך מיט יאָרן צוריק האָב איך פאַרטראַכט אָנצושרייבן אַ ספר. יאָר-איין יאָר-אויס האָב איך אָפּגעלייגט דאָס אָנשרייבן דעם ספר. מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז איך דאַרף זיך צואיילן, אַז איך טאָר עס מער ניט אָפּלייגן. ווייל איך מוז אָנשרייבן אַ ספר, קען איך ניט טאָן די אַר-בעט פון אייער דיין“.

— „וועלן מיר אייך באַפרייען פון דער אַרבעט פון אַ דיין, מיר וועלן באַשטימען אַ געהילף צו אייך און איר וועט האָבן די גאַנצע

ציַיט פריַי פאַר אייער ספר. אָבער איר בליַיבט סיווי אונדזער דיַין!"
— אַזוי האָבן צום סוף געזאָגט די פאַרשטייערס פון די סאַראַגאָסער ייִדן, און אַזוי איז עס געבליבן.

# ב. דורך צען טויערן

רבנו בחיי האָט גלײַך זיך גענומען צום שרײַבן. ער האָט געשריבן אַ ספר וועגן דעם ווי עס דאַרפֿן לעבן מענטשן מיט אַ ריין האַרץ. וועגן די פֿליכטן פֿון דעם מענטשלעכן האַרץ האָט ער געשריבן.

דער אַלטער ריכטער האָט זיך געאײַלט. ווער ווייסט צי אים וועט באַשערט זײַן צו פֿאַרענדיקן זײַן ספר? די האַנט האָט אָפֿט געציטערט פֿון פֿאַרמאַטערטקייט, אָבער ער האָט געשריבן.

— „זיידע!" — פֿלעגט אַרויפֿקומען צו אים זײַן אייניקל יוסף, — „מע טאָר זיך ניט פֿאַרמאַטערן אַזוי שטאַרק!"

— „ביסט טאַקע גערעכט, מײַן קינד", — פֿלעגט דער אַלטער אים ענטפֿערן, און דאָך ווײַטער שרײַבן.

דער ספר איז אַ גרויסער. ער האָט צען טײלן. יעדער טײל הייסט אַ טויער. דורך צען טויערן פֿירט דער אַלטער רבנו בחיי צו לעבן אַ ריין לעבן. עס איז אַ חוב פֿאַרן האַרץ צו גיין דורך אָט די טויערן. דאָס האַרץ דאַרף גיין דורך אַזאַ טויער וואָס הייסט בטחון, דורך פֿעסטער און זיכערער האָפֿענונג. דאָס האַרץ דאַרף גיין אויך דורך אַ טיער וואָס הייסט תשובה, חרטה אויף זינד וואָס מען האָט אָפּגעטאָן. דאָס האַרץ דאַרף גיין אויך דורך אַנדערע אַזעלכע טויערן, ביז עס קומט צום צענטן טויער — ליבשאַפֿט צו גאָט. עס איז ווייניק צו דינען גאָט מיט גלידער פֿון קערפּער, מיט די הענט אָדער מיט די פֿיס. מען דאַרף אים דינען מיט אַ ריין האַרץ. גאָט איז טאַקע אומעטום, אָבער פֿריער פֿון אַלץ געפֿינט מען אים אין אַ ריין האַרץ.

רבנו בחיי האָט געשריבן שיינע תּפֿילות אויף העברעאיש, אָבער דאָס בוך וועגן די חובֿות פֿון דעם האַרץ האָט ער געשריבן אויף דעם פּשוטן טאָג־טעגלעכן אַראַביש פֿון די ייִדן אין שפּאַניע. זאָלן אַלע גרינג פֿאַרשטיין זײַנע ווערטער! ביים שרײַבן האָט ער אַזוי ווי געשמועסט. ער האָט זיך דערמאָנט משלים און מעשׂיות וואָס ער אַליין

האָט גענוצט, ווען ער האָט געדאַרפט טרייסטן אָדער אָנווייזן דעם ריכטיקן וועג — און ער האָט עס פאַרשריבן.

ער דאַרף ניט זיין קאַרג, ער דאַרף קיין זאַך ניט לאָזן פאַר זיך — אַזוי האָט ער זיך געטראַכט. ער איז דאָך ניט קיין אַלכעמיקער וואָס האָט אויסגעפונען ווי אַזוי פון זאַמד צו מאַכן גאָלד. אַזאַ אַלכעמיקער ציטערט איבער זיין סוד. אָט קומט מען, אָט כאַפּט מען אים, אָט פּייניקט מען אים, ער זאָל אויסזאָגן דעם גרויסן סוד. ער האָט דאָך ניט קיין סודות — זע, דיין האַרץ זאָל זיין ריין!

# ג. ווי אַזוי צו האָבן אַ רואיק געמיט

און רבנו בחיי האָט געשריבן:

גליק פון דעם מענטשן איז נאָר אין אַ רואיק געמיט. און אַ רו-איק געמיט קומט, ווען מען פאַרשטייט אַז אַלץ וואָס מען האָט איז נאָר אויף אַ קורצער צייט און עס איז דאָ אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן.

אַן עופעלע ביי דער ברוסט פון דער מוטער פאַרלאָזט זיך אויף דער מוטער. האָט בטחון אין דער מוטער. שפּעטער האָט דאָס קינד בטחון אין דעם פאָטער. דערנאָך האָט דער דערוואַקסענער בטחון אין זיך, אין זיינע אייגענע כּוחות. דאָס אַלץ איז גוט, אָבער דאָס איז נאָר אויף אַ צייט. שטענדיק איז נאָר דער בטחון אין גאָט.

דער סאָלדאַט איז אונטערטעניק דעם אָפיציר. דער געפאַנגענער איז אונטערטעניק דעם וואָס האַלט אים אין געפאַנגענשאַפט. דאָס קינד איז אונטערטעניק די עלטערן. אַן אָרעמאַן קומט אויס צו זיין אונטערטעניק דעם רייכן. אָבער דאָס אַלץ איז נאָר אויף אַ צייט. נאָר איין זיין אונטערטעניק איז שטענדיק — ווען דאָס האַרץ פון דעם מענטשן איז אונטערטעניק גאָט.

אַז מע וויל אַריינכאַפּן קען מען ניט האָבן קיין רואיק געמיט. צו וועמען איז געגליכן דער וואָס וויל אַריינכאַפּן וואָס מער? צו איינעם וואָס גייט אין מדבר און ער געפינט אַ קוואַל מיט שמוציק וואַסער. ער איז ניט דאָרשטיק, אָבער ער האָט מורא אַז ער וועט ווערן זייער דאָרשטיק. כאַפּט ער זיך צו צו די מוטנע וואַסערן און טרינקט, און טרינקט ביז ער קען ניט מער. און אָט גייט ער נאָך עטלעכע טריט,

און אַט זעט ער פֿאַר זיך אַ קוואַל פֿון ריינסטן וואַסער. אָבער ער קען שוין ניט טרינקען. זיין בויך איז פֿול מיט דעם מוטנעם וואַסער.

מע דאַרף קענען זיך אָפּזאָגן פֿון דעם וואָס מען האָט. איינער האָט געטראָגן אויף זיך צען זעקלעך מיט גאָלד. איז ער געקומען צו אַ שטראָם אין מיטן וועג און האָט ניט געקענט אַריבערגיין. איז פֿאַרבייגעפֿאָרן אַ שיפֿער אויף אַ שיפֿל און אים געזאָגט: „גיב מיר אָפּ איין זעקל פֿון דיינע זעקלעך גאָלד, און איך וועל דיך אַריבערפֿירן". אָבער יענער האָט זיך געטראַכט: דאָס וואַסער אין שטראָם וועט ווינציקער ווערן, און איך וועל אַליין אַריבערגיין. נאָר דאָס וואַסער איז נאָך שטאַרקער געוואָרן. און יענער האָט געמוזט אַריבער דעם שטראָם, און ער האָט גענומען וואַרפֿן זעקל נאָך זעקל, כּדי זיך צו קענען שטעלן אויף זיי און אַריבערגיין דעם שטראָם. אַזוי האָט ער אַריינגעוואָרפֿן גאָר דאָס גאַנצע גאָלד וואָס ער האָט געהאַט. און ער האָט נאָך אַלץ ניט געקענט אַריבער. אַ גליק וואָס ביי אים האָט זיך נאָך פֿאַרוואַלגערט איין איינציק רענדל, און ער האָט דאָס לעצטע רענדל געגעבן אַן אַנדער שיפֿער וואָס האָט אַריבערגעפֿירט אויפֿן צווייטן ברעג אַן אָרעמאַן — שוין גאָר אָן גאָלד.

אָט אַזוי איז געשריבן דאָס גאַנצע בוך — אַ מעשׂה נאָך אַ מעשׂה, אַ משל נאָך אַ משל. עס איז געשריבן פּשוט און שיין, און האַרציק, האַרציק ביז גאָר.

# ד. אַ שפּאַציר ביים ברעג פֿון טייך עבראָ

עס איז געקומען דער שיינער פֿרילינג. דער גרעסטער טייל פֿון ספֿר איז שוין געווען פֿאַרטיק. דער אַלטער ריכטער האָט זיך שוין ניט געאיילט אַזוי שטאַרק. ער פֿלעגט פֿאַרנאַכט שפּאַצירן מיט זיין אייניקל ביים ברעג פֿון טייך עבראָ. און יוסף האָט שטענדיק געהאַט וואָס צו פֿרעגן:

— „זיידע, איך האָב געלערנט: ווען מע נעמט צו אַ באַלקן פֿון עמעצן און מע בויט אים איין אין דער אייגענער שטוב — זאָל ער באַצאָלן פֿאַרן באַלקן, זאָגן הללס תּלמידים, בית־הלל; אָבער בית־

שמאי זאָגן: ער מוז אָפּגעבן דעם באַלקן, אַפילו ווען עס זאָל אויסקו־מען איינצואוואַרפן די שטוב! פאַרוואָס איז דער דין ניט ווי בית־שמאי? זיי זיינען דאָך גערעכט! פאַרוואָס זאָל דער געגזלטער באַלקן בלייבן אין שטוב פון דעם וואָס האָט עס געגזלט?"

— "ניין, יוספל", — האָט דער זיידע געענטפערט, — "גערעכט זיינען טאַקע בית־הלל. ווען עמעצער וויל פאַרריכטן אַ שלעכטע זאַך וואָס ער האָט געטאָן, דאַרף מען עס אים ניט מאַכן צו שווער".

זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען אַן אָרט וואו עס איז געלעגן אַ טויטער הונט.

— "ווי עס שטינקט דער טויטער הונט!" — האָט דער אייניקל אויסגערופן.

— "אָבער ווי ווייס זיינע ציין זיינען!" — האָט רואיק צוגעגעבן דער זיידע.

— "זיידע, זיידע!" — האָט יוסף אויסגערופן — "אַפילו קעגן אַ טויטן הונט קענסטו ניט זאָגן שלעכטס!"

זיי האָבן געשוויגן און געגאַנגען ווייטער. זיי זיינען צוגעקומען צו ביימער וואָס זיינען געווען פול מיט ווייסע בליטן. דער אַלטער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אָנגעשפּאַרט אַן אַ שטאַם פון אַ בוים. און יוסף האָט פּלוצעם געפרעגט:

— "פאַרוואָס זיינען איצט מער ניטאָ קיין ניסים? אַמאָל איז געווען דער נס פון שפּאַלטן דעם ים, אליהו הנביא האָט באַקומען זיין שפּייז פון ראָבן. און איצט... זיינען דען די אַלע לעצטע דורות אַזוי שלעכט אַז זיי זיינען ניט ווערט קיין שום נס?"

— "הייב אויף דיינע אויגן" — האָט דער זיידע געזאָגט — "און זע דעם נס פון בליען! איז דען בליען ניט קיין וואונדער? איז דען וואַקסן ניט קיין וואונדער? באַקוק דיינע אייגענע גלידער — זיינען זיי דען ניט וואונדערלעך? וואונדער איז אומעטום, וואונדער איז אין אַלץ וואָס דו זעסט. זע די וואונדערס!" און דער אַלטער רבנו בחיי האָט אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט און געוויזן דעם הימל, דעם טייך, די ביימער און די קינדער וואָס האָבן זיך געשפּילט ניט ווייט פון זיי.

אויפן וועג צוריק האָבן זיי באַגעגנט מענטשן וואָס האָבן געפירט שטיינער. זיי האָבן געדאַרפט די שטיינער אַרויפפירן אויף אַ בערגל. יעדערער האָט געטאָן די אַרבעט באַזונדער און יעדערער האָט

שטאַרק זיך געמאַטערט. דער אַלטער ריכטער האָט עס געזען און האָט געזאָגט:

— „יוספל, גיב נאָר אַ רוף אַהער אָט די מענטשן!"

יוסף האָט געטאָן וואָס דער זיידע האָט אים געבעטן. און דער אַלטער האָט גערעדט צו זיי:



— „איר שלאָגט זיך אַרום פון די כּוחות, ווייל יעדערער פון אייך טוט די אַרבעט אַליין. העלפט איינער דעם צווייטן, פירט פריער אַלע אַרויף די שטיינער פון איינעם, דערנאָך פון דעם צווייטן, ביז אַלעמענס שטיינער וועלן זיין אויפן בערגל. ווען מען העלפט דעם צווייטן — ווערט גרינגער פאַר זיך אַליין".

# ה. דער מלך אויף איין יאָר

רבנו בחיי האָט אַריינגענומען יוספס פרעגן און זיין ענטפערן איז דעם ספר וואָס ער האָט געשריבן. ער האָט אַהין אַריינגענומען אַ סך קלוגע רייד פון יידישע און אויך פון ניט-יידישע חכמים. ער האָט אויך אַ סך מעשיות אַליין צוגעטראַכט, אַזעלכע מעשיות וואָס גיבן גוט און קורץ איבער זיין געדאַנק. אָט איז איינע פון זיי:

לעבן אינדיע איז פאַראַן אַן אינדזל, וואָס זיינע איינוואוינערס קלייבן יעדער יאָר אויס אַן אַנדער מלך. זיי קלייבן אים אויס פון דער פרעמד. ער איז ביי זיי אַ מלך נאָר איין איינציק יאָר. ווען דאָס יאָר גייט פאַרביי, פירן זיי אים אַוועק פון זייער אינדזל אַ ליידיקן.

האָבן זיי אויסגעקליבן איינעם וואָס האָט פון דעם ניט געוואוסט. ער האָט נאָר געוואוסט אַז ער איז דער מלך. האָט ער דאָס גאַנצע גוטס זיינס געבראַכט אויפן אינדזל. האָט ער געזען וואָס מער גוטס אָנצוקלייבן אין זיינע קאַמערן, ביז זיי זיינען געוואָרן פול מיט גאָלד און זילבער און טייערע זאַכן. אָבער עס איז אַוועק דאָס יאָר, און מען האָט אים אויסגעטאָן די טייערע קליידער, צוגענומען פון אים אַליץ

און אַוועקגעשיקט פון אינדזל. ער האָט אַלץ פאַרלאָרן, אַפילו דאָס וואָס ער האָט געבראַכט אַליין מיט זיך.

דערנאָך האָבן די איינוואוינערס אויסגעקליבן פאַר אַ מלך איי־נעם וואָס איז געווען זייער קלוג. האָט ער זיך נאָכגעפרעגט וועגן די פירונגען פון די מענטשן און זיך דערוואוסט אַז ער וועט זיין אַ מלך נאָר איין יאָר. וואָס נאָר ער האָט געקאָנט האָט ער אַוועקגעשיקט פון אינדזל צו זיך, אין זיין שטאָט. און ווען ער איז געוואָרן אויס מלך, האָט ער געקאָנט לעבן אין פרייד און אין גליק, ווייל ער האָט זיך אָנגעגרייט פון אַלעם גוטן.

דאָס לעבן פון דעם מענטשן אויף דער ערד איז נאָר אויף אַ ווייַלע. דער וואָס גרייט זיך אָן דאָ אויף אַן אָרט — דער בלייבט מיט גאָרניט, אָבער דער וואָס שיקט פון זיך אַוועק זיין פאַרמעגן — דער בלייבט ביי זיין גוטס. ער קומט צו דעם, ווען מען נעמט אים אַוועק פון דער וועלט.

# ו. „חובות הלבבות“

דער זיידע איז געווען צופרידן וואָס ער האָלט שוין ביים פאַר־ענדיקן זיין ספר. דאָס אייניקל איז געזעסן לעבן אים, געקוקט ווי דער אַלטער שרייבט. דער זיידע האָט אויפגעהויבן די אויגן און געזאָגט:

— „איך זע דאָך אַז דו ווילסט וואָס פרעגן — פרעג זשע!“

— „זיידע, דו ביסט ניט ווי אַנדערע פרומע לייט וואָס זיינען קענען לערנען חכמות פון דער וועלט. דו האָסט געוואָלט, און איך האָב געלערנט אַ סך וועגן דער נאַטור פון זאַכן, געלערנט אַ סך מאַטעמאַ־טיק, געלערנט אַ סך פאַרשיידענע וויסנשאַפטן. איך ווייס אַ סך, אָבער ווען עס קומט צום וויכטיקסטן בין איך צעטומלט. איך ווייס אַפילו ניט ווי אַזוי אָפּצושלאָגן די רייד פון מיינע חברים וואָס גלייבן ניט אין אַ גאָט אויף דער וועלט. דיר איז אַלץ אַזוי קלאָר, זיידע!“

— „מיר איז ניט אַלץ קלאָר, און אַ מענטשן קען ניט זיין אַלץ קלאָר. אָבער גאָט זע איך אומעטום. און וואָס דו זאָלסט ענטפערן דיינע חברים? זע, אָט נים איך אוים אַ ביסל טינט אויפן פאַפיר. זע, עס איז געוואָרן אַ מאָדנע פיגור. עס קען זיך אָפּדאַכטן אַז דאָס איז

אַ מין חיה. אָבער צי קען דען זיין אַז מע זאָל געבן אַ גיס אויס אַ ביסל טינט, און פון דעם זאָלן ווערן שורות מיט אותיות, מיט ווערטער, מיט אַ ליד, מיט אַ זייטל פון אַ ספר? קען דען דאָס צופעליק ווערן? ווי־זשע קען צופעליק ווערן אַזאַ וואונדערלעכע וועלט?"

יוסף האָט געשלונגען די רייד פון דעם זיידן. און אַזוי האָבן געשלונגען די זעלביקע רייד דורות און דורות יידן. מען האָט דעם ספר איבערגעזעצט אויף העברעאיש און עס הייסט „חובות הלבבות" — די פליכט פון הערצער. שפעטער האָט מען פון העברעאיש איבערגעזעצט דעם ספר אויף יידיש. מיטן זעלביקן נאָמען — „חובות הלבבות". און מענער און פרויען האָבן דעם ספר געלייענט. מען האָט פון אים געשעפּט טרייסט. מען האָט זיך דערציילט די קלוגע משלים און די שיינע מעשיות פון דעם ספר.

הונדערטער יאָרן איז דער ספר „חובות הלבבות" געווען פאַרשפּרייט און געווען באַליבט ביי יידן. דאָס איז דאָס בוך פון וואַרעמקייט און גוטסקייט, פון גלויבן און האָפענונג, און פון האַרציקייט, פון האַרציקייט אָן אַ ברעג.

# דער וואונדערלעכער פייגנבוים

# שלמה אבן גבירול

## (1022 (?) -1069 (?))

## א. פאָטער און זון

ס'איז געווען שפּעט אין אָוונט. די גאַס איז שוין געווען שטיל. פון דער ווייט האָט זיך געהערט אַ צעצויגענער טרויעריקער ניגון. און פאָטער און זון זיינען נאָך געזעסן איבער אַ ספר און געלערנט.

דער זון האָט געלייענט איין קאַפּיטל תהילים נאָך אַ צווייטן. דער פאָטער האָט זיך צוגעהערט. ווען דער זיבן־יאָריקער זון פלעגט אויפהייבן די אויגן צום פאָטער, האָט דער פאָטער דערקלערט אויף אַראַביש דאָס שווערע וואָרט וואָס דער זון האָט ניט פאַרשטאַנען. דער יינגל איז געווען אַ דאַרער, מיט גרויסע ברוינע אויגן און מיט מאָדנע גרויסע אויערן. דעם פאָטערס שוואַרצע באָרד האָט געהאַט אַ סך זילבערנע פעדעם; זיינע אויגן האָבן גערוט די גאַנצע צייט אויף זיין זונס פּנימל.

עס איז געוואָרן שוין גאָר שפּעט. דער צעצויגענער טרויעריקער ניגון פון דער ווייט איז אויך שוין איינגעשלאָפן. און דער פאָטער האָט זיך אַזוי ווי אויפגעכאַפּט:

— „עס וועט זיין גענוג, שלמה! מען דאַרף זיך לייגן שלאָפן. דו זעסט אויס אַזוי בלאַס און פאַרמאַטערט".

און דער יינגל האָט אַוועקגעלייגט דעם ספר און געענטפערט:

— „איך האָב אַזוי ליב, פאָטער, ווען דו לערנסט מיט מיר. דו ביסט דאָך מיר אַ טאַטע און אַ מאַמע אינאיינעם".

— „און אַ שוועסטערל...“ — האָט דער פֿאָטער צוגעגעבן. זיי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן. נאָך דעם האָט דער פֿאָטער גענומען ריידן צום ייִנגל, אַזוי ווי מע רעדט צו אַ דערוואַקסענעם:

— „ווען איך בין געקומען אַהער קיין מאַלאַגאַ, בין איך געווען יונג און גליקלעך. דאָ האָב איך געפֿונען דײַן מאַמען. דאָ האָבן מיר געהאַט דיך און נאָך דעם דײַן שוועסטערל. אָבער דאָ האָט מיך אויפֿגעזוכט דאָס אומגליק. דײַן שוועסטערל איז געשטאָרבן. דײַן מאַמע איז געשטאָרבן. בײַטאָג בין איך פֿאַרנומען. איך קען זײַן מיט דיר נאָר אין אָוונט. עס איז ניט גוט אַזוי. איך רעכן אַוועקצופֿאָרן פֿון דאַנעט. אפֿשר וועט זיך גרינגער לעבן אין סאַראַגאָסאַ. דאָרטן וועל איך אפֿשר קענען זײַן מיט דיר מער און — עס וועט מיר אפֿשר דאָרטן גרינגער ווערן“.

— „אַוודאי“, — האָט דער ייִנגל געזאָגט אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַן אַלטער, — „ווער עס בײַט דעם אָרט — בײַט דעם מזל“.

# ב. איינער אַליין אויף דער וועלט

אין סאַראַגאָסאַ האָט זיך טאַקע גרינגער געלעבט. דער פֿאָטער האָט געהאַט מער צײַט צו לערנען מיט זײַן ייִנגל. און פֿאָטער און זון זײַנען געווען גליקלעך מיט דעם. נאָך גליקלעכער איז געוואָרן דער פֿאָטער, ווען אַלע האָבן גענומען זיך וואונדערן:

„אַ ייִנגל פֿון צען יאָר זאָל אַזוי גוט קענען העברעאיש, זאָל קענען אויף אויסנווייניק גאַנצע קאַפּיטלעך פֿון די נביאים! ער איז דאָך דער גרעסטער קענער פֿון תּנך בײַ אונדז אין שטאָט!“

און אַ ביסל שפּעטער האָט מען נאָך מער זיך געוואונדערט:

„האָט איר געהערט וועגן די העברעאישע לידער וואָס דער ייִנגל שלמה, יהודהס זון, דער וואָס איז געקומען פֿון מאַלאַגאַ, האָט אָנגעשריבן? עס איז דאָך ניט צו גלייבן אַז אַ קינד, טאַקע נאָך גאָר אַ קינד, זאָל קענען שרײַבן אַזעלכע לידער!“

און ווען שלמה איז געווען ניט מער ווי 15 יאָר אַלט, האָט מען שוין גערעדט:

„אַ יונגער בחור זאָל האָבן אַרײַנגעזאַפּט אין זיך אַזוי פֿיל וויסנ־

שאַפט! צו 15 יאָר איז ער אַ גרויסער פּאָעט און אַ גרויסער געלערנ־טער! אַזוינס איז נאָך ניט געווען!"

דער פאָטער איז געווען זייער שטאָלץ. ער האָט שווער געאַר־בעט אַז זיין זון זאָל קיין זאַך ניט פעלן. ער האָט געוואוסט אַז זיין זון איז ניט קיין געזונטער און אַז אים וועט זיין שווער אַליין צו פאַר־דינען. ער האָט געהאָפט אַז ער וועט קענען אָנקלייבן גענוג, זיין איינציקן קינד זאָל דאָס גאַנצע לעבן זיין פריי פון זאָרגן.

אָבער דער פאָטער איז פּלוצלינג געשטאָרבן. דער זון איז גע־בליבן איינער אַליין, אָן משפּחה, אָן נאָענטע מענטשן. דער יונגער פּאָעט איז געווען פאַרביטערט אויף דער גאַנצער וועלט. זיינע לידער זיינען געוואָרן טרויעריקע און בייזע. און ער האָט אין אַ ליד זיך געקלאָגט:

„דאָס לעבן האָט ווי אַ שלאַנג די טריט מיר געביסן. כּדי די אָדלערס זאָלן אין הימלען ניט פליען, האַקט דאָס לעבן זיי אונטער די פליגלען. איך בין צו אַן אָדלער געגליכן און איך ליג מיט צעבראָכענע פליגלען".

אין סאַראַגאָסאַ האָט געלעבט אַ גרויסער אַסטראָנאָם, אַ יונגער מענטש נאָך, און געהייסן האָט ער יקותיאל בן יצחק. ער איז געוואָרן אַ פריינד, אַן עלטערער ברודער פאַר דעם איינזאַמען פּאָעט. ער האָט אים געהאָלפן מיט געלט און האָט אים געטרייסט. ווען שלמה איז געווען קראַנק, איז ער געזעסן ביי זיין בעט. ווען שלמה האָט גע־קענט אַרויסגיין, האָט ער געהאַט אַ שטוב פון אַ נאָענטן מענטשן, וואוהין ער האָט געקענט אַריינקומען. שלמה האָט זיין עלטערן פריינד באַזונגען אין אַ סך באַגייסטערטע לידער.

אָבער די פריינדשאַפט איז געווען ניט אויף לאַנג. דער אַסטראָ־נאָם האָט געזאָגט אַז די מיינונגען וואָס מענטשן האָבן וועגן גאַנג פון די שטערנס זיינען ניט קיין ריכטיקע. דאָס איז געווען מיט ניין הונ־דערט יאָר צוריק און מענטשן האָבן אַזעלכע רייד ניט געוואָלט הערן. האָט דער אַסטראָנאָם געקריגן אַ סך שונאים. שפּעטער האָט ער זיך גענומען מישן אויך אין פּאָליטיק. האָט מען אויף אים אויסגעקלערט פאַרשיידענע שרעקלעכע ליגנס, מען האָט אים געשלעפּט צום געריכט און מען האָט אים פאַרמשפּט צום טויט.

שלמהס איידעלער פריינד איז אומגעקומען. שלמה איז ווידער געבליבן איינער אַליין אויף דער גרויסער וועלט.

# ג. עס קלינגט מיט אים די וועלט

געלעבט האָט שלמה איינזאַם און פאַרלאָזן. ער האָט געזען ווי מען באַוואונדערט אים, ער האָט אָבער אויך געפילט ווי מען איז אים מקנא, זיין גרויסן טאַלענט, זיינע קענטעניש. און זיינע לידער זיינען געווען פול מיט טרויער. ער האָט געלעבט אין אַ שיין לאַנד, אָבער ער איז געווען איינער אַליין. ער איז געווען יונג, אָבער קראַנק. מיט אַ טרויעריקן שמייכל זאָגט ער וועגן זיך:

„אויסגעצערט איז מיין לייב, אַ שוואַכע פליג קען מיך אויף אירע פליגלען אַוועקטראָגן".

אָבער זיין נאָמען ווי אַ פּאָעט האָט שוין געקלונגען אומעטום. יידן און אַראַבער האָבן געוואוסט דעם נאָמען שלמה אבן גבירול. און דער באַרימטער מענטש איז געווען ניט מער ווי 16 יאָר אַלט! גאַנצע נעכט האָט ער זיך געוואַלגערט אויף זיין געלעגער, ווי „אויף דערנער און שטעכיקע ריטער" און ניט געקענט צומאַכן אַן אויג פאַר ווייטיק. איז ניט קיין וואונדער וואָס פון זיינע ליפּן אָדער פון אונטער זיין פּען פלעגן זיך אַרויסרייסן אַזעלכע רייד:

„פאַרשאָלטן זאָל זיין די קרענק וואָס האָט מיין פלייש אויפגע־געסן!", „פאַרשאָלטן זאָל זיין דער טאָג, ווען איך בין געבוירן געוואָרן!"

און דאָ דערוויסט ער זיך ווי באַרימט ער איז: עס איז גע־שטאָרבן אין ווייטן בבל דער גאון רב האַי, וואָס אַלע יידן האָבן אים באַטראַכט ווי זייער פירער. האָט מען פון בבל און פון מצרים גע־שריבן צום יונגן פּאָעט, אַז ער זאָל אָנשרייבן דאָס טרויער־ און קלאָג־ליד. פון אַזוי ווייט האָט מען זיך געווענדט גראָד צו אים, דעם יונגן, דעם קראַנקן, דעם איינזאַמען.

איז שלמה געווען שטאָלץ ביי זיך און האָט געזונגען אין איינעם פון זיינע לידער:

איך בין האַר — און דאָס ליד איז מיין קנעכט,
כ'בין פאַר זינגער און דיכטער די האַרף;
און מיין ליד ווי אַ דימענט אין קרוין
פון אַ מלך — געשליפן און שאַרף.

און מיין גוף גייט אָרום אויף דער ערד,
און עס שוועבט אין די הימלען מיין גייסט.
זעכצן יאָר בין איך אַלט, און מיין האַרץ
איז פאַרשטענדיק ווי דאָס האַרץ פון אַ גרייז.

שלמה האָט געהאַט פריינד וואָס האָבן אים געהאָלפן פון צייט צו צייט. אָבער ער האָט אויך געהאַט שׂונאים וואָס האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן דעם גרויסן נאָמען וואָס ער האָט געקריגן אַזוי גיך און זיין שטאָלצירן מיט זיין וויסן און מיט זיינע לידער.

און שלמה האָט געשריבן און געשריבן. דאָס איז געווען זיין איינציקע טרייסט. צו 19 יאָר האָט ער אָנגעשריבן אַ גרויסע העברעאישע גראַמאַטיק אין פערזן. ער האָט אויך אָנגעהויבן צו שרייבן אויף אַראַביש וויסנשאַפטלעכע און פילאָסאָפישע ווערק. אָבער אליין איז ער געווען אומגליקלעך און ער האָט געזונגען:

„אין מיין האַרץ האָט טרויער געשטעלט זיין געצעלט".

עס איז שלמהן געווען ענג אין סאַראַגאָסאַ און ער האָט געוואָלט אַוועק פון דאָרטן.

# ד. „דער קוואַל פון לעבן"

אין שפּאַניע האָט דעמאָלט געלעבט אַ גרויסער יידישער פירער, אַ געלערנטער און אַ פּאָעט — שמואל הנגיד האָט מען אים גערופן. ער האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון דעם יונגן אבן גבירול. האָט ער אים געבראַכט קיין וואַלענציע און אים געהאָלפן. שלמה איז שוין געווען איבער צוואַנציק יאָר אַלט. ער האָט פאַרשטאַנען אַז ער קען ניט לעבן ווי אַלע מענטשן, האָבן פרייד פון לעבן, האָבן אַן אייגענע משפחה, האָבן פריינד. האָט ער געפונען טרייסט אין לערנען, אין אייביקן שטודירן און אין שרייבן:

איז מיין מוטער דער שׂכל דער קלאָרער,
און מיין שוועסטער דאָס ליכט וואָס באַהעלט...
און מיין איינציקער אוצר אין לעבן
איז מיין האַרץ און מיין ליכטיקע זעל.

ער האָט געטראַכט: „איך וועל אָפּהיטן דעם זיידן שלמהס גע־באָט: זוכן און פאַרשן און דערגיין די סודות פון חכמה — מיין איינ־ציקע טרייסט, מיין איינציקער פאַרמעגן אין דער וועלט״.

און שלמה האָט זיך פאַרטיפט אין פילאָסאָפיע. און ער האָט אָנ־געשריבן אַ ווערק וואָס הייסט „דער קוואַל פון לעבן״. דאָס ווערק איז טיף און פול מיט טרייסט. דער יונגער פילאָסאָף האָט דערזען אַז די גאַנצע וועלט, די מענטשן, אַלע באַשעפענישן, אַלץ וואָס עס איז פאַראַן — אַלץ קומט אַרויס פון איין־איינציקן אייביקן קוואַל. דאָס איז דער קוואַל פון לעבן. און אַלץ וואָס עס איז פאַראַן אויף דער וועלט בענקט צו אָט דעם קוואַל פון אייביקן לעבן. און אַלץ ציט זיך צו אים. און אַלץ לעבט, קיין טויטע זאַכן זיינען גאָר ניטאָ, און קיין שלעכטס איז ניטאָ. אַלץ האָט אין זיך עפּעס וואָס פון דעם אייביקן קוואַל. אומעטום זיינען פאַראַן טראָפּנדלעך פון דעם אייביקן קוואַל.

דאָס בוך האָט מען איבערגעזעצט אויף לאַטיין, און דאָס בוך איז געוואָרן איינס פון די סאַמע באַרימטע פילאָסאָפישע ווערק אין פאַר־לויף פון הונדערטער יאָרן.

אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט ווער עס איז דער, וואָס האָט דאָס בוך אָנגעשריבן. זיין נאָמען איז געוואָרן פאַרדרייט: אַוויצע־בראָן, אַוויצעבראָל. מען האָט געזאָגט אַז דאָס האָט געשריבן אַ מוח־מדאַנישער געלערנטער וואָס איז געוואָרן אַ קריסט. ערשט פונקט מיט הונדערט יאָר צוריק האָט אַ יידישער געלערנטער אין פראַנקרייך (ש. מונק האָט ער געהייסן) אויפגעדעקט אַז דער באַרימטער „אַווי־צעבראָן״ איז — שלמה אבן גבירול.

דער פּאָעט האָט געפונען רו. ער האָט מער ניט געזונגען קיין לידער וועגן אומגליקן אין דער וועלט און וועגן זיין קראַנקייט, אָדער וועגן פאַלשע פריינד. ער האָט געזונגען ליבּ־לידער צו גאָט און לידער וועגן דעם יידישן פאָלק און זיין שווערן גורל, אָבער פול מיט האָפע־נונג אויף דערלייזונג. אין אָט די לידער איז ער געוואָרן נאָך אַ גרע־סערער פּאָעט ווי פריער. אַ טייל פון אָט די לידער האָט מען אַריינ־גענומען אין דאַווענען. די שענסטע פּאָעמע וועגן גאָט וואָס ער האָט אָנגעשריבן — זאָגט מען אין דער נאַכט פון יום־כיפור, נאָך כל־נדרי.

שלמה איז געבליבן אַ קראַנקער און אַן אָרעמער פּאָעט, אָבער זיין האַרץ איז געווען רואיק און ער האָט געזונגען צו גאָט:

דריי שטייען מיר פאַר די אויגן
און האַלטן דיין נאָמען פאַר מיר:
אַרויף ווען איך קוק צו דעם הימל —
איז הימל זאָגט עדות אויף דיר.

די ערד, ווען צו איר כ׳בין געבויגן,
דערציילט אַז דו האָסט זי געשמידט,
און מיין האַרץ, ווען איך קוק אַריין אין זיך —
לויב גאָט, מיין נשמה, אין ליד!

# ה. דער וואונדערלעכער פייגנבוים

מע ווייסט ניט אויף זיכער דאָס יאָר, ווען שלמה אבן גבירול איז געשטאָרבן. מע ווייסט נאָר אַז ער איז געשטאָרבן זייער יונג. וועגן זיין טויט איז דאָ אַזאַ געשיכטע:

אַן אַראַבישער פּאָעט האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן אַז אומעטום וואו ער שטייט און גייט הערט ער נאָר ווי מען לויבט שלמה אבן גבירולס לידער און קיינער לייגט ניט קיין אַכט אויף זיין שרייבן. ער האָט אַזוי שטאַרק מקנא געווען דעם יידישן פּאָעט אַז ער האָט מער קיין רו זיך ניט געפונען. ער האָט אים אַזוי שטאַרק פיינט געקריגן אַז ער האָט זיך געטראַכט: מיר ביידע קענען ניט לעבן אויף איין ערד. האָט ער באַשלאָסן אים צו טייטן.

איז דער אַראַבישער פּאָעט אַוועק צו שלמה אבן גבירול, אים געלויבט, צו אים גערעדט פאַלשע רייד און אים פאַרבעטן צו זיך. דער יידישער פּאָעט איז געקומען צו אים צו גאַסט. איז דער פאַלשער מענטש אים באַפאַלן און האָט אים געטייט. כדי מען זאָל ניט דער־ווויסן זיך וועגן זיין פאַרברעכן, האָט ער דעם קערפּער באַגראָבן ביי זיך אין סאַד, אונטער אַ פייגנבוים.

שלמה אבן גבירול איז פאַרשוואונדן. מען איז געווען אומרואיק, זיך נאָכגעפרעגט, אָבער אַזוי ווי ער איז געווען אַן איינזאַמער מענטש,

האָט מען די גאַנצע זאַך פֿאַרגעסן. מען האָט געדעכנט אַז ער האָט קיינעם ניט געזאָגט און איז אַוועקגעפֿאָרן אין אַ ווייט לאַנד.

ווען עס איז געקומען פֿרילינג, האָט דער פֿייגנבוים זיך צעבליט אַזוי שיין ווי קיין פֿייגנבוים האָט נאָך קיין מאָל ניט געבליט און איז אַזוי הויך און גיך אויסגעוואַקסן ווי קיין פֿייגנבוים איז נאָך ניט געוואַקסן. און ווען עס איז געקומען זומער, האָט דער פֿייגנבוים געגעבן אַזעלכע גרויסע, שיינע און זיסע פֿייגן ווי קיין פֿייגנבוים אין דער וועלט האָט ניט געגעבן.

איז עס געוואָרן אַ גרויס וואונדער. פֿון נאָענט און פֿון ווייט איז מען געקומען זען דעם פֿייגנבוים און פֿאַרזוכן פֿון זיינע אויסטערליש זיסע פֿייגן. און דער כאַליף אַליין איז געקומען מיט אַלע גרויסע האַרן צו זען דעם פֿייגנבוים און צו פֿאַרזוכן פֿון זיינע פֿייגן. איז דעם כאַליף, ווי אַלע אַנדערע מענטשן, געווען אַ וואונדער:

פֿאַרוואָס איז אָט דער פֿייגנבוים אַנדערש פֿון אַלע אַנדערע פֿייגנביימער?

האָט דער כאַליף באַפֿוילן אַז מען זאָל נעמען גראָבן אונטער די וואָרצלען פֿון בוים. אפֿשר וועט מען דערגיין דעם סוד. אפֿשר איז דאָרטן פֿאַראַן אַ גאַנץ באַזונדערער מין ערד. ווי נאָר מען האָט גענומען גראָבן, איז דער אַראַבישער פּאָעט געפֿאַלן דעם כאַליף צו די פֿיס און האָט דערציילט:

— „איך האָב דערהרגעט דעם גרויסן יידישן פּאָעט שלמה אבן גבירול און האָב אים באַגראָבן אונטער דעם בוים. זיין בלוט און זיין מאַרך — זיי האָבן געשפּייזט דעם בוים און ער איז געוואָרן אַנדערש ווי אַלע אַנדערע פֿייגנביימער אין דער וועלט".

דער פֿאַרברעכער האָט באַקומען זיין שטראָף. און דער וואונדערלעכער בוים איז געבליבן צענדליקער יאָרן, הונדערטער יאָרן ווי אַ מצבה איבער שלמה אבן גבירול.

און מיט זיינע זיסע פּירות קענען מיר נאָך איצט זיך קוויקן.

# דער זינגער פון פרייד און טרויער

# משה אבן עזרא

## (1138-1070)

## א. דער זינגער פון זיין פרייד

חשוב און רייך איז געווען די משפחה אבן עזרא, און גליקלעך איז געווען די יוגנט פון דעם ייִנגסטן אין דער משפחה — פון משה אבן עזרא. ווער צווישן די יונגע בחורים אין גראַנאַדאַ איז געווען מער געלערנט ווי ער? אויך אַנדערע האָבן געהאַט זייער אַ גוטע בילדונג אין אַראַביש, אָבער קיינער האָט ניט געקענט אַזוי גוט לאַטיין און גריכיש ווי ער. אויך אַנדערע האָבן זיך געלערנט העברעאיש און געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן געפּרוּווט שרייבן פּאָעמעס, אָבער קיינער, קיינער האָט זיי ניט געקענט שרייבן אַזוי שיין, אַזוי קונציק, אַזוי לעבעדיק ווי דער יונגער משה.

די העברעאישע פּאָעזיע האָט שוין פון לאַנג אויפגעלעבט אין שפּאַניע. מען האָט געשריבן זייער קלוגע לידער וועגן דעם לעבן, זייער טיפע לידער וועגן גאָט, זייער האַרציקע לידער וועגן דעם יידישן פאָלק. אָבער דער יונגער משה האָט געשריבן וועגן דעם ווי שיין עס איז דער פרילינג אין דרום-שפּאַניע, ווי פּראַכטיק עס בליען די פעלדער און ווי פריידיק עס טאַנצן די מיידלעך. וועגן זוניקע, וועגן ליכטיקע זאַכן האָט געשריבן דער יונגער פּאָעט.

משה אבן עזרא האָט געזונגען וועגן דעם ריח פון מירטן, וועגן דעם רויטן פינקל פון וויין, וועגן דעם זילבער פון לבנה-נעכט און וועגן דער שוואַרצקייט פון לאָקן. און זיינע פריינד האָבן געלערנט אויף

אויסנווייניק זיינע שיינע פּאָעמעס. מער ווי אַנדערע איז געפעלן גע־וואָרן זיין ליד צו דער רויז:

אין זיידהעמד געשטרייפטן דער גאָרטן געהילט,
אין בלומיקע קליידער די לאָנען געצירט,
אין ווייס פון די קווייטן די וועלט זיך צעשפּילט,
מיט מאַנטל פון יום־טוב דער פרילינג שטאַלצירט.

מיט שמייכל און גליק קוקט אַרויס יעדע בלום,
מיט חניקער פרייד יעדער שפּראָצל קומט אָן;
נאָר אָט שיינט די מלכה, אי פּראַכטיק אי פרום —
די רויז צווישן אַלע פאַרנעמט דאָ איר טראָן.

אַ פרישע, אַ צאַרטע פון קנאָספּ זיך באַפרייט
און האָט שוין דעם ריח וואָס שיכורט פאַרשפּרייט,
איר פּורפּור־קלייד האָט שוין דאָס ווינטל באַנייט —
לאָמיר הייבן די ווײַן־בעכערס גליקלעכערהייט!

און פול מיט אַזעלכע פריילעכע לידער זיינען געלאָפן די זוניקע יאָרן פון דעם יונגן פּאָעט. משה אבן עזרא איז געווען דער זינגער פון זיין פרייד.

# ב. „דוד באַטייט: פּעטער און געליבטער“

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט געזאָלט זיין די חתונה פון משהס פריינד שלמה, און משה האָט אָנגעשריבן זייער אַ שיין ליד צו דער חתונה פון זיין פריינד. האָט משה עס געבראַכט אַהיים, אין דעם קרייז פון זיינע עלטערע ברידער און זייערע משפחות, און האָט פאַר זיי אַלעמען פאָרגעלייענט דאָס ליד.

עס איז געווען אַ פרילינגדיקער נאָכמיטאָג. אַלע זיינען געזעסן אויף דער טעראַסע. משה האָט געהאַלטן אויף די קני זיין עלטסטן

ברודערס טעכטערל, די אַכט־יאָריקע רבקה. משה האָט זיין ליבלינג געהוידעט צום ריטעם פון דער פּאָעמע וואָס ער האָט געלייענט.

— „וואונדערלעך, וואונדערלעך!" — האָבן אַלע אויסגערופן. אָבער רבקה האָט אַרומגענומען איר פעטערס האַלדז און האָט אים געזאָגט אויפן אויער: „דיין רבקה פאַרשטייט ניט אַזוי גוט העברע־איש. דערצייל מיר אויף אַראַביש וועגן וואָס דו האָסט דאָ געשריבן".

האָט משה איר צוליב געטאָן:

— „איך האָב דאָ באַשריבן ווי שיין עס איז דער פרילינג, אַזוי שיין אַז אַפילו די שטומע בערג זינגען שירה, אַזוי שיין אַז אַלע פאַר־וואָלקנטע און בייזע פּנימער לויכטן אויף, אַזוי שיין אַז אַפילו די שטאַמלערס הייבן אָן זינגען. דערנאָך האָב איך באַשריבן ווי שיין עס איז שלמהס כּלה, אַז זי האָט אויגן ווי טויבן..."

— „און מיינע אויגן?" — האָט רבקה איבערגעריסן און האָט מיט אירע גרויסע, ברייט צעעפנטע טונקל־ברוינע אויגן אַריינגעקוקט דעם פעטער אין פּנים אַריין.

מען האָט זיך צעלאַכט און משה האָט געגלעט רבקהס לאַנגע שוואַרצע האָר און האָט געענטפערט:

— „אַמאָל זיינען דיינע אויגן טויבן, אָבער איצט זיינען זיי פיי־ערלעך".

האָט דער עלטסטער ברודער יצחק, רבקהס פאָטער, געוואָלט באַרואיקן זיין טעכטערל און האָט איר געזאָגט:

— „צו דיין חתונה, אַז מיר וועלן אַלע דערלעבן, וועט דיין פע־טער אָנשרייבן פונקט אַזאַ שיין ליד..."

— „צו מיין חתונה?" — האָט רבקה איבערגעפרעגט, — „איך וועל דאָך חתונה האָבן מיט מיין פעטער!"

אַ פּאָר האָבן זיך צעלאַכט, נאָר רבקהס פאָטער איז געוואָרן בייז:

— „וואָס רעדסטו נאַרישקייטן? מען האָט ניט חתונה מיט קיין פעטער".

— „יאָ, מע קען חתונה האָבן מיט אַ פעטער", — איז רבקה געוואָרן איינגעשפּאַרט. — „איך ווייס: מיט אַ מומע טאָר מען ניט חתונה האָבן, אָבער מיט אַ פעטער מעג מען!"

— „וואָס האָט זי זיך דאָ היינט צערעדט?" — איז דער פאָטער

געוואָרן שוין גאָר אין כּעס — „דו גיי שפּיל זיך מיט דיינע חברטעס און זיי דאָ ניט מער צווישן גרויסע!"

רבקה איז אַראָפּ פון איר פעטערס קני און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ גענומען פאַרלאָזן די טעראַסע. זי האָט זיך אָבער אומגעקערט און אָ זאָג געטאָן:

— „איך פאַרשטיי אַ ביסל העברעאיש, און אויף העברעאיש איז ,דוד' צוויי זאַכן. ,דוד' באַטייט: פעטער און געליבטער".

מען איז געבליבן פאַרגאַפט פון אַזעלכע רייד.

# ג. „אַלע קוקן אויף אונדזער ליבע מיט פאַרוואונדערטע אויגן..."

עס זיינען אַוועק עטלעכע יאָר. משה איז געזעסן ביי זיין פריינד שלמה און זיך געשפּילט מיט שלמהס קינד. האָט שלמה אַ זאָג געטאָן:

— „משה, דו האָסט אַזוי ליב קינדער. פאַרוואָס האָסטו ניט חתונה און האָסט ניט קיין אייגענע קינדער?"

משה האָט ניט גלייך געענטפערט. דערנאָך האָט ער שטיל אַרויסגערעדט:

— „איך וואַרט אויף מיין ברודערס טעכטערל, אויף רבקהן. ווען זי וועט אויסוואַקסן, וועל איך חתונה האָבן מיט איר".

— „מיר האָט זיך עס טאַקע אַזוי געדאַכט", — האָט שלמה ווייטער גערעדט, — „און איך האָב ניט איין מאָל געוואָלט זיך דורכשמועסן מיט דיר וועגן דעם. וואָס איז מיט דיר? דו ווייסט אַז די פיינסטע טעכטער פון גראַנאַדאַ וואָלטן מיט פרייד צוגעשטימט חתונה צו האָבן מיט דיר. וואָס וואַרטסטו? עס איז ניט קיין גלייכע זאַך. דו ביסט מיט אַכצן יאָר עלטער. און ניט יצחק, ניט די אַנדערע ברידער וועלן לאָזן אַז רבקה זאָל חתונה האָבן מיט דיר".

— „וואָס הייסט? דער יחוס פּאַסט זיי ניט?" — איז משה געוואָרן אויפגערעגט.

— „עס גייט ניט אין יחוס. אָבער דו קענסט דאָך דיין משפּחה. זיי קוקן קרום אויף דיר. דאָס געלט וואָס זיי האָבן דיר אויסגעטיילט

האָסטו פאַרלאָרן אין דיינע אומגליקלעכע געשעפטן. חוץ דיינע לידער און דיין טייער הארץ האָסטו קיין זאַך ניט — אַזוי מיינען זיי. איך זאָג דיר, שלאָג זיך אַרויס פון קאָפּ דעם גאַנצן פּלאַן".

משה האָט זיך אויפגעהויבן און אַ ברוגזער אַרויס פון זיין פריינדס הויז.

עס זיינען אַוועק נאָך עטלעכע יאָר. גאַנץ גראַנאַדאַ האָט זיך געוואונדערט וואָס דער באַרימטער פּאָעט משה אבן עזרא האָט ניט חתונה. מען האָט אים גערעדט די פיינסטע שידוכים, אָבער ער האָט זיך אויסגעלאַכט פון זיי.

מיידלעך פלעגן יעמאָלט חתונה האָבן גאָר יונג, צו פערצן־פופצן יאָר. אָבער די שיינע רבקה האָט זיך אַרויסגעדרייט פון אַלע רייד וועגן חתונה האָבן. זי איז שוין זעכצן יאָר אַלט. מען היט זי, זי זאָל ניט בלייבן אַליין מיט איר פעטער, אָבער ער איז דאָך אַ פעטער און זיי האָבן דאָך מעגלעכקייטן צו שמועסן. און זיי רײדן וועגן זייער ליבע, און זיי באַשליסן אַז זיי האָבן ביידע שוין גענוג געוואַרט.

משה איז געזעסן אויף דער זעלביקער טעראַסע מיט זיינע על־טערע דריי ברידער. האָט ער זיך אַ הייב געטאָן, צוגעגאַנגען צום עלטסטן ברודער און געזאָגט:

— „יצחק, גיב מיר דיין טאָכטער רבקה פאַר אַ ווייב!"

יצחק האָט זיך אויפגעשטעלט און אַרויסגערעדט:

— „מיר זיינען ניט בלינד און מיר האָבן זיך געריכט אויף אָט די מאָדנע רייד. טאָ זיי וויסן וואָס מיר זאָגן דיר: שלאָג זיך עס דיר אַרויס פון קאָפּ. מיר וועלן ניט דערלאָזן אַזאַ ווילדן שידוך".

משה האָט גענומען שרייען אַז זיינע ברידער טאָרן אַזוי ניט באַ־שליסן, אַז ער וועט מיט קיין אַנדער מיידל ניט חתונה האָבן און אַז רבקה וועט קיין אַנדער מאַן ניט נעמען. ער האָט געשריען און זיך געהיצט, ביז ער האָט זיך אַרומגעזען אַז ער איז איינער אַליין אויף דער טעראַסע. האָט ער פאַרלאָזן דאָס הויז און זיך געשוואָרן אַז ער וועט קיין מאָל ניט אַריבערטרעטן די שוועל, סיידן...

ווען ער האָט שוין פאַרלאָזן דאָס הויז, האָט אים נאָכגעיאָגט אַ דינסט. זי האָט אים געגעבן אַ צעטעלע פון רבקהן. דאָרטן איז גע־

ווען אויף העברעאיש אָנגעשריבן אַ פּסוק פון „שיר השירים" — „דודי לי ואני לו" (דער פעטער איז מיינער און איך בין זיינע).

דער צאָרן איז גלייך פאַרביי. די ליבע צו רבקהן איז געוואָרן נאָך שטאַרקער. משה האָט יענע נאַכט אָנגעשריבן אַ וואונדערלעך ליד, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „אַלע קוקן אויף אונדזער ליבע מיט פאַרוואונדערטע אויגן..."

# ד. דער פאַרבענקטער וואַנדערער

און משה אבן עזרא האָט פאַרלאָזט די שטאָט פון זיין געבוירן און זיינע פריינד. ער איז אַוועק קיין צפון־שפּאַניע. דאָרטן האָבן גע־הערשט די קריסטן און דאָרטן איז מען געווען אַ סך ווייניקער געביל־דעט ווי אין דרום־שפּאַניע. ער האָט ניט געהאַט קיין נאָענטע מענטשן. מען האָט ניט פאַרשטאַנען סאַראַ גרויסער פּאָעט ער איז און סאַראַ געלערנטער מענטש ער איז. מען האָט נאָר געזען דעם אָרעמען וואַנ־דערער וואָס האָט ניט קיין היים און האָט ניט קיין רו. האָבן אַנדערע געלאַכט פון אים — האָט עס וויי געטאָן. האָבן אַנדערע רחמנות געהאַט אויף אים — האָט עס נאָך מער וויי געטאָן.

אָבער דער וואַנדערער האָט געהאַט אַ האָפענונג: זיין געליבטע, זיין רבקה, וועט זיך ניט אונטערגעבן. זי וועט מיט קיינעם ניט חתונה האָבן און די שלעכטע משפחה וועט מוזן אים רופן צוריק. אויב ניט צוליב אים, איז צוליב רבקהן.

און רבקה האָט טאַקע זיך געשטעלט קעגן דער גאַנצער משפחה און האָט עטלעכע יאָר ניט דערלאָזט מע זאָל דערמאָנען איר אַ שידוך. אָבער זי איז געווען יונג, און משה איז געווען ווייט, און זי האָט דאָך שפּעטער חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן. משה האָט פאַרלאָרן אַלע האָפענונגען און ער האָט זיך געקלאָגט אין אַ ליד:

אָן דיר איז די וועלט מיר אַ תפיסה,
וואָס ענגט מיך און דריקט מיך גאָר שווער,
מיין לעבן — אַ וואַנדער אין מדבר,
מיין לאָבונג — אַ ביטערע טרער.

אָבער ער טראָגט ניט אין האַרצן קיין כּעס אויף זיין רבקהן. ער שיקט איר דורך אַ ליד אַזאַ גרוס:

וואָס גרעסער דיין שולד — וואַקסט נאָך טיפער
די ליבע צו דיר, מלכּה־חן!
מיין האַרץ, מיין נשמה, מיין טראַכטן
געהערן נאָר דיר, דיר אַליין!

און ער שווערט אַז ער וועט קיין מאָל ניט פאַרגעסן זיין רבקהן, אַז ער וועט איר אייביק בלייבן געטריי:

כּל־זמן דער טוי באַשפּריצט די פרילינג־גראָזן,
כּל־זמן אין קוסט די נאַכטיגאַל זינגט פריי,
כּל־זמן די בלומען בליען, ווינטן בלאָזן, —
ווינטש איך דיר גליק, געליבטע, כ׳בין דיר טריי!

און משה אבן עזרא האָט קיין מאָל ניט פאַרגעסן זיין רבקהן. ער האָט קיין מאָל ניט חתונה געהאַט און איז אויף שטענדיק געבליבן אַן איינזאַמער, אַן עלנטער. ער האָט געזוכט טרייסט אין אַ סך לערנען, אין אַ סך שרייבן. ער האָט געשריבן פילאָסאָפישע ווערק אויף אַראַביש, געשריבן זייער אַ סך לידער אויף העברעאיש. ער איז געווען באַרימט ווי אַ פּאָעט און פון דער ווייט האָט ער געהאַט פריינד און נאָכמאַכערס. יונגע פּאָעטן וואָס זיינען געווען באַגייסטערט פון זיינע לידער. אָבער געלעבט האָט ער אַן איינזאַם און קאַלט לעבן. אַזוי איז עס געווען אין זיינע מיטעלע יאָרן און אַזוי איז עס געווען אויף דער עלטער.

# ה. דער זינגער פון זיין טרויער

און דער וואָס איז אין דער יוגנט געווען דער זינגער פון זיין פרייד איז געוואָרן אויף אַלע זיינע יאָרן דער זינגער פון זיין טרויער. ער איז פרי גרוי געוואָרן און האָט זיך געחכמהט אַז דאָס זילבער פון זיינע האָר פּאַסט אים צו דעם קופּער פון זיין פּנים.

זיין תלמיד און יונגער פריינד פון דער ווייט, דער גרויסער פּאָעט יהודה הלוי האָט אים געטרייסט אַז ער דאַרף זיין שטאָלץ, ווייל ער

איז „דער אייביקער זוכער פון אמת", ווייל ער „פאַרפלאַנצט אמת און ליכט און דאָס עכטע געפיל". אָבער משה אבן עזראַ האָט זיך ניט געלאָזט טרייסטן. ער האָט זיך באַקלאָגט פאַר זיין פריינד:

מיין בענקשאַפט האַלט מיט שטריק געבונדן
די שטערן, צעטומלט פון מיין פיין,
דעריבער איז נאָך ניט פאַרשוואונדן
די נאַכט פון וואַנדער אָן א שיין.

און משה אבן עזראַ האָט אין זיינע לידער אויסגעדריקט דעם טרויער איבער זיין גורל, און דעם טרויער איבער דעם וואָס מענטשן זיינען אָפט „אַזוי ווי וועלף", און דעם טרויער איבער דעם גלות פון זיין פאָלק, איבער אַלע צרות פון מענטשן. איז משה אבן עזראַ גע־וואָרן דער פּאָעט וואָס האָט אָנגעשריבן אָן אַ צאָל תפילות. און אַ סך פון זיינע תפילות זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין דאַוונען. אַ־מעטום איז דאָרטן פאַראַן אַ שווער, אַ ביטער האַרץ. דער דיכטער קלאָגט אין זיינע לידער, ער ווײנט זיך אויס פאַר גאָט, און אַ סך דורות יידן נאָך אים האָבן, זאָגנדיק די תפילות, געוויינט און מיט דעם זיך גרינגער געמאַכט דאָס געמיט.

עס איז אָבער שווער צו וויסן, צי אים אַליין איז גרינגער געוואָרן פון זיינע טרויעריקע לידער. וואָס ער האָט זיי געזונגען ביז אין על־טער אַריין, ביזן טויט צו 69 יאָר. דער זינגער פון זיין טרויער האָט זיך אַליין אַזוי געמאָלן:

אין בענקשאַפט אַ פאַרוואָגלטער,
צו פיין אַ צוגענאָגלטער,
אַן אומגעטרייסטער וואַנדערער
פון איין שטאָט אין דער אַנדערער.

אַ היינט וואָס האָט קיין מאָרגן ניט,
אַ ווײ וואָס טעג פאַרבאָרגן ניט,
קיין פרייד־געזאַנג פאַרטראָג איך ניט,
קיין טרייסט, קיין טרוים פאַרמאָג איך ניט.

דער זעלביקער פּאָעט וואָס האָט געבראַכט די פריידיקסטע פּאָע־מעס האָט אויך געשאַפן די טרויעריקסטע לידער.

דאָס גרויסע יידישע האַרץ

# יהודה הלוי

## (1143 (?) ‎–1080)

## א. די יאָרן פון לערנען און וואַנדערן

אין צפון זיינען געווען די קריסטן, אין דרום — די מוסולמענער (מוחמדאַנער). און יידן האָבן געליטן פון ביידן. די קריסטן און מו־סולמענער האָבן געפירט צווישן זיך מלחמות און געוואָלט איינעמען פאַר זיך גאַנץ שפּאַניע. און יידן איז אַלץ ענגער און ענגער געוואָרן צו לעבן אין אָט דעם שיינעם לאַנד.

אין טאָלעדאָ האָט געוואוינט דער יידישער דאָקטער שמואל הלוי. זיין איינציקער זון יהודה איז געבאָרן געוואָרן גראָד אין יענעם יאָר, ווען די קריסטן האָבן איינגענומען די שטאָט. די אַראַבער זיינען יע־מאָלט געווען אַ סך מער געלערנט ווי די קריסטן, און אויף אַראַביש האָט מען גערעדט ביים דאָקטער אין דער היים.

זיין זון יהודה איז געווען אַ געראָטענער, אַ קינד מיט אַלע מעלות. ער איז געווען שיין און גוט און האָט געהאַט אַ בריליאַנטענעם קאָפּ. צו פערצן יאָר האָט ער שוין אַזוי פיל געוואוסט אַז ער האָט מער ניט געקענט געפינען פאַר זיך קיין לערער אין דער היימשטאָט. ער האָט געקענט תנך און העברעאיש, שטודירט מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָ־מיע — און ער האָט געוואָלט וויסן מער. פאַרשטיין מער. האָבן די עלטערן זיך געשיידט מיט זייער איינציקן זון און אים אַוועקגעשיקט קיין לוצענאַ.

דאָרטן איז געווען דער באַרימטער געלערנטער ר׳ יצחק אַלפסי

[אַלפאַסי]. צו 70 יאָר איז ער אַהין געקומען און האָט באַוויזן צו מאַכן פון דער שטאָט אַ צענטער פון יידישן לערנען. דער יונגער יהודה האָט געלערנט תּלמוד ביים אַלטן רבּין זיינעם. דער אַלטער רבּי איז געווען אַ שטרענגער, אָבער דער יונגער תּלמיד האָט אים שטאַרק ליב געהאַט.

און פאַר יהודהן איז עס אַליין נאָך געווען ווייניק. ער האָט גע־וואָלט וויסן מער, פאַרשטיין מער. ער איז אַוועק קיין קאָרדאָווע. דאָרטן האָט ער שטודירט מעדיצין און פילאָסאָפיע. ווען ער איז גע־ווען אַכצן יאָר אַלט, איז ער שוין געווען אַ גרויסער געלערנטער. ער איז אָבער אויך געווען אַ פריילעכער בחור, און האָט ליב געהאַט צו פאַרברענגען צווישן פריינד און האָט ליב געהאַט צו מאַכן וויצן און צו זיין אויף שׂמחות.



עס איז יעמאָלט ביי די גע־בילדעטע לייט געווען אַ מאָדע צו שרייבן לידער. האָט מען געדאַרפט שיקן אַ בריוו צו אַ פריינד, האָט מען אים אויסגעשטעלט ווי אַ ליד. איז מען זיך צונויפגעקומען אין אַ געזעלשאַפט, האָט מען זיך פאַר־מאָסטן אין שאַפן לידעלעך מיט וויצן, מיט חכמהלעך. איז געווען ביי אַ פריינד אַ שׂמחה, אַ חתונה, אַ קינד איז געבאָרן געוואָרן, מען איז צוריקגעקומען פון אַ רייזע, אָדער אַן אַנדער געלעגנהייט — האָט מען וועגן דעם געשריבן אַ ליד. צוזאַמען מיטן ליד האָט מען געשיקט די מתּנה, און אַ מאָל איז די מתּנה געווען דאָס ליד.

אַ סך האָבן געשריבן לידער, אָבער אמתע פּאָעטן זיינען געווען ווייניק — אַזוי ווי איצט.

# ב. דער שטערן פון קאַסטיליע

ווען געבילדעטע יידן זיינען זיך צונויפגעקומען, האָט מען זיך פאַרנומען מיט פאַרמעסטן זיך אין שרייבן לידער אויף העברעאיש. און מען האָט דערזען: אומעטום, אַלע מאָל איז דער זיגער דער יונגער יהודה. ער איז דער סאַמע זיסער זינגער. ווען מע באַזינגט די שיינקייט פון דער נאַטור, די וואונדער פון גאָטס וועלט — קומט עס אַרויס שענער און טיפער ביי יהודהן. ווען מען זינגט וועגן אַ שיין מיידל — איז עס ווידער שענער ביי יהודהן. ווען מען שאַפט לידער פאַר פריינד — קומט עס אַרויס האַרציקער, פיינער ביי יהודהן.

אַלע האָבן געהאַלטן אַז דער גרעסטער פּאָעט פון זיין צייט איז משה אבן עזרא. ווען ער האָט געהערט וועגן דעם יונגן בחור וואָס שרייבט אַזוינע שיינע לידער, האָט ער אים פאַרבעטן צו זיך קיין גראַנאַדאַ. משה אבן עזרא איז געווען פון אַ רייכער משפּחה און ביי אים אין הויז האָט יהודה געוואוינט. משה האָט ניט מקנא געווען זיין יונגן פריינד. ער האָט אים שטאַרק געליבט און ליב געקריגן. ער האָט אים גערופן „דער שטערן פון קאַסטיליע" און האָט פאָרויסגעזאָגט אַז אָט דער שטערן וועט שיינען פאַר אַלע יידן.

עס איז געווען אַ גליקלעכע צייט אין יהודהס לעבן. ער איז געווען יונג און שיין און געבילדעט. אים האָט קיין זאַך ניט געפעלט און ער האָט שטענדיק געפונען חן אין אַלעמענס אויגן. האָט ער געזונגען אין אַ ליד: „די טעג טאַנצן פאַר מיר זייער פריילעכע ראָד".

אָבער אינגיכן האָט זיך עס געביטן. עס זיינען פּלוצלינג געשטאָרבן יהודהס עלטערן. דער יונגער פּאָעט איז געבליבן אָן זייער הילף. עס איז אויך געקומען אַ טרויער אין לעבן פון זיין רייכן פריינד משה אבן עזרא. ער האָט זיך צעקריגט מיט זיין משפּחה און אַוועק פון זיין היים. ער איז אַליין געוואָרן אַן אָרעמער וואַנדערער און אַ פאַרביטערטער, אומגליקלעכער מענטש.

יהודה האָט געהאַט אַ סך אַנדערע פריינד און אַלע האָבן זיי געוואָלט, אַז ער זאָל קומען צו זיי, זיין מיט זיי און ניט זאָרגן זיך. זאָל ער די גאַנצע פרייע צייט אַוועקגעבן צו שרייבן די וואונדערלעכע לידער זיינע און — ניט זאָרגן זיך! אָבער יהודה האָט ניט געוואָלט

זיין אָן אייביקער גאַסט אין פרעמדע הייזער. איז ער אַוועק צוריק אין זיין געבוירן-שטאָט. אין טאָלעדאָ איז ער געוואָרן אַ דאָקטער און פון דעם געלעבט.

ער האָט דאָרטן חתונה געהאַט. אין אָנהייב איז אים שלעכט געגאַנגען. אָבער ביסלעכווייז איז יהודה הלוי געוואָרן באַוואוסט ווי אַ דאָקטער. ער איז אַפילו געווען דער דאָקטער פון דעם קיניגס הויף. איצט האָט ער שוין גוט פאַרדינט און געקענט גוט לעבן. ער האָט געהאַט זייער ווייניק פרייע צייט פאַר זיינע לידער, און דאָס האָט אים וויי געטאָן.

אָבער אַ סך מער האָט אים וויי געטאָן וואָס אין דער קריסטלעכער שטאָט טאָלעדאָ איז מען אַזוי ווילד און פון צייט צו צייט יאָגט מען און מען פּלאָגט יידן. מען האָט אַפילו געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף יידן. די בענקשאַפט נאָך אַן אייגן יידיש לאַנד, נאָך ארץ-ישׂראל, נאָך דער „מוטער ציון" איז אַלע מאָל געווען טיף אין יהודה הלוים האַרץ. איצט איז אָט די בענקשאַפט געוואָרן נאָך שאַרפער: „איך בין אין מערב און מיין האַרץ איז אין מזרח" — דאָס האָט ער געפילט און דאָס האָט ער געזונגען. עס האָט זיך געשטאַרקט אין אים דער באַגער צו פאָרן קיין ארץ-ישׂראל. דאָס איז געווען זיין חלום פון די קינדערשע יאָרן אָן.

דערווייל אָבער האָט ער זיך באַזעצט אין דער שטאָט קאָרדאָוואַ, וואָס איז געווען אין די הענט פון מוחמדאַנער.

## ג. „ברייט און פול ווי דער ים..."

יהודה הלוי איז שוין געווען אין זיינע מיטעלע יאָרן. איבער גאַנץ שפּאַניע און אין אַלע קהילות פון צפון-אַפריקע האָט מען געוואוסט וועגן אים. זיין שם ווי אַ גרויסער פּאָעט האָט זיך צעשפּרייט איבער דער יידישער וועלט. מען האָט געזאָגט: זינט דעם תּנך איז נאָך ניט געווען אַזאַ גרויסער פּאָעט ביי יידן!

אין איינעם פון זיינע שיינע לידער זאָגט יהודה הלוי וועגן זיך:

איך בין דער ים מיט זיינע רוישיקע כוואַליעס,
ברייט און פול ווי דער ים איז מיין האַרץ...

און זיין האַרץ איז טאַקע געווען ברייט און פול. ער האָט זיך אָפּגערופן אויף אַלץ און געזונגען וועגן אַלץ. ער איז געווען פאַרכּי־שופט פון די שיינע זומערנעכט אין אַנדאַלוזיע, פון די רויט.ע זונפאַר־גאַנגען און די גרויע באַגינענס. ער האָט באַזונגען דעם חן, די מילדע, צאַרטע שיינקייט פון יידישע כּלות און דעם ברען פון ווילדע טענץ. ער האָט פאַרשטאַנען איבערצוגעבן ווי דאָס שטילסטע גרעזעלע באַ־וועגט זיך אין ווינט און ווי כוואַליעס ברויזן אין שטורעם. ער האָט געהאַט די האַרציקסטע און איידלסטע ווערטער פאַר זיינע פריינד און געקענט שפּאַסן און זיך וויצלען אין לידעלעך.

יהודה הלוי איז געווען אַ טיף־גלייביקער פּאָעט. ער האָט אָנגע־שריבן וואונדערלעכע תּפילות. אין איינער פון זיינע באַגייסטערטע תּפילות פרעגט ער:

גאָט, וואו זאָל איך דיך געפינען
אַז דיין פּלאַץ איז פאַרהוילן, פאַרשטעלט?
און וואו זאָל איך דיך ניט געפינען —
אַז דיין כּבוד פילט אָן די וועלט!

און דער ענטפער איז — „געפינסט זיך אין טיף פון די הערצער“.
און דער פּאָעט דערציילט:

דיין נאָענטקייט האָב איך געזוכט,
גערופן פון האַרצן צו דיר,
און איך בין אַרויס דיר אַנטקעגן —
האָב איך דיך געטראָפן פאַר מיר!

ווי טיף און ווי היים עס איז געווען זיין גלויבן קען מען שפּירן פון אָט די ווערטער וועגן גאָט:

בין איך ווייט פון דיר — שטאַרב איך ביים לעבן,
בין איך נאָענט צו דיר — לעב איך אין טויט.

עס איז קיין וואונדער ניט וואָס מען האָט יהודה הלוים רעליגיע־זע לידער אַריינגענומען אין מחזור.

ברייט און פול ווי דער ים איז געווען דעם פּאָעטס האַרץ און עס האָט אַרומגענומען אַלץ: שיינקייט און ליבשאַפט, חלומות און גלויבן. 700 יאָר נאָך זיין טויט האָט אַן אַנדער גרויסער יידישער פּאָעט

היינריך היינע, וואָס האָט געשריבן אויף דייטש, געזונגען אַזאַ באַ־גייסטערט ליבגעזאַנג וועגן יהודה הלוי:

„ווען גאָט האָט באַשאַפֿן זיין נשמה, איז זי געווען אַזוי ריין און אַזוי שיין אַז גאָט האָט זי אַ קוש געטאָן. און דער אָפּקלאַנג פֿון גאָטס קוש לעבט אין יעדן ליד פֿון דעם פּאָעט".

אַלע לידער פֿון יהודה הלוי זיינען דורכגענומען מיט אַ טיף גע־פֿיל. אָבער דער פּאָעט האָט אויך געאַרבעט איבער זיי, זיי זאָלן אַרויסקומען קורץ, און שטאַרק, און קלינגיק. וועגן דעם איז דאָ אַזאַ מעשׂה:

דער פּאָעט איז געווען אַזוי פֿאַרטאָן אין זיין אַרבעט אַז ער האָט ניט געהאַט קיין צייט צו זאָרגן וועגן אַ חתן פֿאַר זיין איינציקער טאָכטער. די ווייב זיינע האָט עס אים אַ סך מאָל אויסגערעדט. איז ער געוואָרן בייז און האָט אַ זאָג געטאָן: „איך גיב מיין וואָרט אַז דער ערשטער בחור וואָס טרעט אַריבער מיין שוועל — ווערט מיין טאָכטערס מאַן!"

אין דעם קומט אַן איינער אַ פֿרעמדער אין אָפּגעריסענע קליידער. ער האָט אויסגעזען ווי אַ בעטלער און מען האָט זיך זייער דערשראָקן. מען האָט אים אַפֿילו ניט געפֿרעגט ווי ער הייסט, נאָר צי ער האָט שוין חתונה געהאַט. האָט דער פֿרעמדער געענטפֿערט — ניין. האָט יהודה הלוי אים געפֿרעגט, צי ער וויל חתונה האָבן מיט זיין טאָכטער. האָט דער פֿרעמדער געענטפֿערט — יאָ. האָט מען אים חתונה גע־מאַכט.

נאָך דער חתונה האָט יהודה הלוי גענומען לערנען זיין איידעם, ווייל דער פֿרעמדער האָט געזאָגט אַז ער קען קיין זאַך ניט. איין מאָל האָט דער פּאָעט געאַרבעט אויף אַ ליד. עס איז אים ניט געגאַנגען און ער האָט איבערגעריסן אין מיטן און איז ערגעץ אַוועק. האָט זיין איידעם גענומען און צוגעשריבן די צווייטע העלפֿט פֿון ליד. יהודה הלוי קומט אַהיים און וויל זיך ווידער נעמען צום ליד, זעט ער — עס איז שוין פֿאַרטיק. ער לייענט איבער און רופֿט אויס: „נאָר דער גרויסער אברהם אבן עזראַ קען אַזוי שרייבן!"

איז קלאָר געוואָרן, ווער דער פֿרעמדער איז — דאָס איז טאַקע געווען דער גרויסער געלערנטער און פּאָעט אברהם אבן עזראַ, וואָס איז אַ טייל פֿון זיין לעבן געווען אַן אָרעמער וואַנדערער.

# ד. יידן — דאָס האַרץ פון דער וועלט

יהודה הלוי האָט געהאַט גוטע צייטן און שלעכטע צייטן. אָבער אַלע מאָל האָט ער געקלאָגט אויף די שווערע צרות פון זיין פאָלק און געבענקט נאָך יענעם טאָג „ווען די זון וועט אויפלייכטן פאַר דער אָרעמער טאָכטער פון ציון". ער האָט הייליק געהאַלטן די אַלטע שבועה וואָס עס האָבן זיך געגעבן די זינגערס פון ציון אויף די טייכן פון בבל:

זאָל צוגעקלעפּט ווערן מיין צונג צו מיין גומען,
אויב איך וועל דיך ניט געדענקען,
אויב איך וועל דיך ניט דערמאָנען, ירושלים,
אויך ביי מיין גרעסטער שמחה.

(תהילים, קל"ז).

ער האָט ניט נאָר געזונגען לידער פון טרויער און האָפענונג. ער האָט אויך טיף געטראַכט וועגן יידן און דער וועלט און ער האָט זיינע געדאַנקען אַרויסגעבראַכט אין זיין פילאָסאָפיש בוך „ספר הכוזרי". עס איז אָנגעשריבן ווי אַ שמועס צווישן דעם קיניג פון די כוזרים און אַ יידישן געלערנטן, אַ חבר, וואָס גיט איבער יהודה הלויס געדאַנקען.

ביי די ברעגן פון טייך וואָלגע איז געווען אַ שטאַרקע מלוכה פון די כוזרים. דעם קיניג האָט זיך איין מאָל געחלומט אַז ער הערט אַ שטים וואָס רופט צו אים: „דאָס וואָס דו ווילסט — איז גוט, דאָס וואָס דו טוסט — איז שלעכט". דער קיניג האָט גערופן אַ פילאָסאָף, אַ קריסטלעכן און מוסולמענישן דענקער זיי זאָלן אים דערקלערן וואָס דער חלום באַטייט. אָבער דער קיניג איז געבליבן אומצופרידן מיט זייערע ענטפערס. האָט ער פאַרבעטן אַ יידישן געלערנטן, און יענער האָט מיט זיינע קלוגע רייד געוואונען דעם קיניגס האַרץ, און דער קיניג און זיין גאַנצער הויף האָבן אָנגענומען דעם יידישן גלויבן.

אין דעם „ספר הכוזרי" איז דאָ דער צוגעטראַכטער שמועס צווישן דעם קיניג און דעם יידן. דער קיניג שטעלט פראַגעס, דער יידישער געלערנטער ענטפערט. ער קלערט אויף וואָס איז דער אונ-טערשייד צווישן דעם יידישן גלויבן און אַלע אַנדערע גלויבנס. ער ווייזט אָן אַז מע טאָר זיך ניט אין אַלץ פאַרלאָזן אויפן שכל פון

מענטשן, נאָר מע דאַרף זען אַז זיין האַרץ זאָל זיין ריין און גוט און שטרעבן צו גערעכטיקייט.

דער קיניג פרעגט, פאַרוואָס יידן ליידן אַזוי פיל. און יהודה הלוי זאָגט מיט די ליפּן פון יענעם געלערנטן: „מיר יידן ליידן מער ווי אַלע אַנדערע פעלקער, ווייל דאָס יידישע פאָלק איז צווישן אַנדערע פעלקער אַזוי ווי דאָס האַרץ אין דעם גוף פונעם מענטשן. דאָס האַרץ פילט מער פון אַלע איבעריקע גלידער — דעריבער ליידט עס אויך מער ווי אַלע אַנדערע״.

און נאָך דעם זאָגט ער: „ווייל מיר ליידן מער ווי די אַנדערע — זיינען מיר ריינער ווי די אַנדערע. נאָר די ליידן ווערן באַשטראַלט פון גאָטס ליכט״.

יידן האָבן ליב געהאַט דעם „ספר הכוזרי״ און געשעפּט טרייסט פון זיינע קלוגע, טיפע האַרציקע רייד.

# ה. „ווי די טויבן איילן זיך צו זייער טויבנשלאַק...״

ארץ-ישׂראל איז אין יהודה הלוים צייט געווען אַ לאַנד פון חור־בות. די קריסטן האָבן עס איינגענומען און געהערשט דאָרטן מיט בייזקייט. אָרעמע אַראַבער האָבן דאָרט געוואוינט. און דאָס ביסל יידן אין די הייליקע ערטער האָבן געלעבט אין שרעק פאַר די קריסטן און די מוסולמענער. דער פּאָעט האָט עס געוואוסט. אָבער —

„זיינע שטיינער זיינען דורכגעברענט מיט פייער פון מיין האַרץ, זיין שטויב איז דורכגעווייקט מיט מיינע טרערן״.

און יהודה הלוי האָט געבענקט צו קומען אַהין און דורכווייקן מיט זיינע טרערן דעם שטויב, באַנעצן מיט זיי די שטיינער פון דעם הייליקן לאַנד. פאַרן קיין ארץ-ישׂראל איז געווען „די שענסטע קרוין פון זיין טרוים״. ער האָט זיך אַליין אַ סך מאָל געפרעגט: „וואו נעמט מען דעם אָדלערס מעכטיקע פליגלען — איך זאָל קענען פליען צו דיר?!״ און צו זיינע פריינד ווענדט ער זיך: „ווי טויבן איילן זיך צו זייער טויבנשלאַק, אַזוי דערהייבן זיך די הערצער צום ליכט וואָס שטראַלט איבער ירושלים״. זיין האַרץ איז שטענדיק געווען אין מזרח.

ער איז שוין געווען אַלט. דער „ספר הכּוזרי" איז שוין געווען פאַרענדיקט. האָט ער באַשלאָסן דורכצופירן אין לעבן זיין חלום — פאָרן קיין ציון. זיינע אייגענע און זיינע תּלמידים און חברים האָבן אים געוואָלט אָפּהאַלטן. זיי האָבן אים אָנגעוויזן אויף די געפאַרן. אָבער ער האָט זיך געזעגנט מיט זייער איינציקער טאָכטער, מיט דעם אייניקל וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט, מיט אַלע פריינד און זיך געלאָזט אויף אַ זעגלשיף איבער דעם גאַנצן מיטלענדישן ים.

אויף דער שיף איז געווען ענג. דאָס לעבן איז געווען אין געפאַר. אָבער דער אַלטער פּאָעט איז געווען גליקלעך. ער האָט געזונגען:

כ'האָב פאַרגעסן אַלע ליבסטע,<br>
כ'האָב פאַרלאָזט מיין אייגן הויז,<br>
כ'האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן —<br>
טראָג מיך, ים, צו מוטערס שויס!

און דו, מערב־ווינט געטרייער,<br>
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,<br>
וואָס מיין האַרץ מיט אָדלער־פליגל<br>
זוכט שוין לאַנג צו אים אַ וועג.

ברענג מיך נאָר אַהין בשלום,<br>
נאָך דעם פלי זיך דיר צוריק,<br>
גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע<br>
און דערצייל זיי פון מיין גליק.

עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכער שטורעם. די שיף האָט געהאַלטן ביים אונטערגיין. און דער פּאָעט האָט געזונגען ווי דער ים ברוגזט זיך, און קנייטשט זיך, און ברומט, ווי כוואַליעס־לייבן, כוואַליעס־שלאַנגען לויפן אים ווילד אַנטקעגן מיט ווייסן שוים. אָבער ער אַליין איז געווען זיכער אַז די פליגלען פון שטורעם וועלן אים ברענגען צו זיין ליב לאַנד:

אָט האָט זיך אַ טאָל געעפנט,<br>
אָט שטייט אויף אַ הויכער באַרג —<br>
פלאַטער, זעגל! בייג זיך, מאַסטבוים!<br>
דו, מיין האַרץ, בלייב פעסט און שטאַרק!

אַזוי האָט יהודה הלוי געזונגען דעם גאַנצן וועג, ווען די כוואַליעס האָבן געוואָלט איינשלינגען די שיף, און ווען זיי זיינען געווען קליינע און שטילע און געדרימלט ווי שאָף, פאַרזילבערט פון דער לבנה. ער האָט געקוקט ווי ביינאַכט ציטערן די שטערן אין ים און האָט גע־פרעגט: „ווער איז דאָ ים און ווער איז הימל?" און איינס פון זיינע שענסטע ים־לידער פאַרענדיקט ער אַזוי:

צוויי ימען שלאָפן דאָ צוזאַמען,
צונויפגעלייגט ווי גלייכע ברידער.
איין דריטער ים אין מיטן שלאָפט ניט:
מיין האַרץ מיט זיינע נייע לידער.

# ו. אין שוים פון דער מוטער

יהודה הלוי איז אָנגעקומען קיין אַלעקסאַנדריע, אין מצרים. יידן האָבן אים אויפגענומען מיט גרויס כּבֿוד. מען האָט אים געוואָלט פאַרהאַלטן אויף שטענדיק אין מצרים. מען האָט אים דערציילט, ווי גליקלעך עס איז איצט צו זיין אין ארץ־ישׂראל. אָבער ער האָט געקאָנט וואַרטן ניט מער ווי דריי חדשים. מער האָט ער ניט געקענט אויסהאַלטן. „גענוג! איך וויל מיין חלום זען און שטאַרבן!" — האָט ער געזאָגט. און ער איז ווייטער געפאָרן צום לאַנד פון זיין חלום. ער איז געפאָרן ווייטער דורך תּימן, דורכן אַראַבישן מדבר. אָבער ער האָט ניט געקענט אַריינקומען מיט דעם וועג פון דרום. ער איז גע־פאָרן נאָך דעם דורך דמשׂק און צור, און ער איז אָנגעקומען אין ארץ־ישׂראל דורך דעם וועג פון צפון.

ער האָט געוואַנדערט איבער די חורבות און האָט געקלאָגט אויפן אומגליק פון לאַנד און פון זיין פאָלק. און ער האָט זיך געפרעגט, צי גאָטס גייסט און גאָטס גנאָד וועט זיך נאָך אַ מאָל אויסגיסן אויף די פאַרטריבענע קינדער פון ציון —

און חלום איך פון דיין דערלייזונג ווידער,
ווער איך די האַרף פאַר דיינע לידער!

דער אַלטער יהודה הלוי איז אָנגעקומען קיין ירושלים, אין צענ־טער פון זיין וועלט. ער האָט זיך געלאָזט גיין צום כּותל מערבי, צו דער טרערנוואַנט. ער איז געפאַלן אויף דער ערד און געוויינט, און געקושט די ערד. און עס ווערט דערציילט, אַז יעמאָלט האָט ער עס געזונגען זיין באַרימט קלאָגליד:

מוטער ציון, דו פרעגסט זיך דאָך אויף דיינע קינדער,
ווי זיי, צעזייטע און צעשפּרייטע, פרעגן?!
פון מזרח, מערב, צפון, דרום — נעם דעם גרוס
פון נאָענט און ווייט, פון אַלע וואַנדערוועגן...

און עס ווערט דערציילט אַז גראָד יעמאָלט איז אָנגעלאָפן אַ מו־סולמענישער רייטער אויף אַ פערד און דערזען דעם אַלטן ייד וואָס קושט דעם שטויב פון זיין אַלט לאַנד, און דער רייטער האָט מיט זיין שפּיז דערשטאָכן דעם אַלטן ייד. און פון חלום איז געוואָרן וואָר. און דער פּאָעט פון די ציון־לידער האָט אויסגעהויכט די נשמה אין שוים פון זיין מוטער.

אָבער זיין נאָמען איז געבליבן לויכטן ווי דער ליכטיקסטער שטערן און זיינע לידער קענען יידן קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

(די ים־לידער האָט איבערגעזעצט חיים־נחמן ביאַליק.
אַלע אַנדערע — י. י. שוואַרץ).

# דער געלערנטער וואַנדערער

# אברהם אבן עזרא

## (1167-1092)

## א. ווייַ דעם מענטשן און אַ שטערן!

שפּאַניע פון דעם צוועלפטן יאָרהונדערט איז שוין ניט געווען אַזאַ גליקלעך לאַנד פאַר יידן ווי פריער. עס זיינען פאָרגעקומען מלחמות צווישן אַראַבער און אַראַבער און אויך צווישן אַראַבער פון דרום מיט קריסטן אין צפון. איז שוין שווערער געוואָרן פאַר אַ געלערנטן מענטשן זיך איינצואָרדענען אין לעבן און צו קענען רואיק שרייבן ביכער.

צו וואָס אַברהם, פון דער משפחה אבן עזרא, האָט זיך ניט גענומען — איז אים ניט געגאַנגען. ער איז געווען איינער פון די גרעסטע געלערנטע פון זיין צייט. ער האָט זייער גוט געקענט העברעאיש און האָט געשריבן שיינע לידער. ער האָט געקענט מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע. ער איז געווען זייער קלוג און האָט ליב געהאַט צו דערציילן וויצן און אויסצוקלערן קונציקע רעטענישן. עס איז געווען זייער אינטערעסאַנט מיט אים צו שמועסן. ער האָט אַלעמען געקענט פריילעך מאַכן. ער אַליין איז אויך געווען אַ פריילעכער און האָט שטענדיק זיך געוויצלט איבער דעם וואָס עס גייט אים ניט. אָבער פון וואָס צו לעבן האָט ער ניט געהאַט.

אין יענע צייטן האָט מען געהאַלטן, אַז דער גאַנג פון די שטערן באַשטימט וואָס עס קומט פאָר מיט מענטשן אויף דער וועלט. אברהם אבן עזרא האָט זייער גוט געקענט דעם גאַנג פון די שטערן. אָבער

זיין אייגענעם שטערן האָט ער ניט געקענט געפינען. האָט ער זיך שפּאַסיק געקלאָגט אין לידער, ווי שלעכט עס איז דעם מענטשן וואָס האָט ניט קיין שטערן. מען האָט דעקלאַמירט אַזאַ לידעלע זיינס:

אַרונטער פון וועג זיינען שטערן,
ווען איך בין געוואָרן געבאָרן.
ווען איך וואָלט מיט ליכט געטאָן האַנדלען —
וואָלט קיין מאָל גאָר נאַכט ניט געוואָרן.

איך זוך אַלץ מיין גליק און געפין ניט,
פאַרבלאָנדזשעט אין הימל מיין שטערן.
וואָלט איך מיט תּכריכים געהאַנדלט —
וואָלט דעמאָלט דער טויט גאָר אויפהערן!

אַברהם האָט געהאַט אַ סך פריינד וואָס האָבן אים געוואָלט העלפן. אָבער ער איז געווען שטאָלץ און ניט געוואָלט אָננעמען זייער הילף. האָבן זיי צוגעטראַכט אַזאַ פּלאַן: אויפן וועג וואו ער גייט יעדן טאָג וועט איינער פון די פריינד אַוועקוואַרפן אַ בייטל מיט געלט. ער וועט עס טאָן איידער אַברהם וועט פאַרבייגיין. נו, וועט אַברהם געפינען דעם בייטל מיט געלט און ער וועט געהאָלפן ווערן.

דער פריינד וואָס פירט דורך דאָס שטיקל אַרבעט שטייט ביים וועג און וואַרט. זעט ער ווי אַברהם קומט אָן, און אָט ליגט דער בייטל אָן אָנגעשטאָפּטער מיט געלט... נאָר אַ פּאָר טריט פאַרן בייטל — פאַרקוועטשט אַברהם די אויגן און נעמט גיין אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ בלינדער. שפּעטער עפנט ער די אויגן — אָבער ער איז שוין פאַרביי דעם אָרט וואו דאָס גרויסע געווינס האָט אויף אים געוואַרט. דער פריינד וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען האָט זיך מער ניט געקענט איינהאַלטן, איז צוגעקומען צו אים און געפרעגט:

— „וואָס איז מיט דיר? וואָס האָסטו פאַרקוועטשט מיט די אויגן און געגאַנגען ווי אַ בלינדער?"

— „פאַרשטייסט?" — זאָגט צו אים אַברהם אבן עזרא, — „עס איז מיר געוואָרן זייער טרויעריק אויפן האַרצן. צו וואָס איך זאָל זיך ניט נעמען גייט מיר ניט — האָב איך געקלאָגט אויף מיין מזל. אָבער דערנאָך האָב איך אַ קלער געטאָן: עס האָט דאָך געקענט זיין נאָך

ערגער. וואָס וואָלט איך געטאָן, אויב איך ווער חלילה בלינד? איך האָב געוואָלט זען, ווי איך וואָלט יעמאָלט געמוזט גיין, האָב איך פאַרמאַכט די אויגן און געשפּרייזט ווי אַ בלינדער..."

דער פריינד האָט אים אויסגעזאָגט דעם סוד מיטן ביטל געלט און ביידע האָבן געלאַכט. אָבער די הילף פון פריינד האָט אַברהם ניט אָנגענומען.

# ב. מיט אַ קליינעם זון אין וואַנדער־וועג

— „ביסט נאָך אַלץ אַ בחור!" — האָבן די פריינד געטענהט צו אַברהם אבן עזראַ, — „ווי לאַנג וועסטו בלייבן אַ בחור?" — און זיי האָבן אים גענומען רעדן שידוכים פון אַלע זייטן. דאָ האָט אַברהם זיך יאָ געלאָזט איינרעדן. ער האָט אַפילו זיך פאַרנומען מיטן קוקן אויף די שטערן, אויסצוגעפינען דעם מזל פון די כּלות וואָס מע רעדט אים מיט זיי די שידוכים. און ער האָט חתונה געהאַט מיט איינער וואָס איר שטערן האָט גאָר געשיינט. זי איז ניט געווען צו יונג, ניט געווען רייך, ניט געווען גאָר געזונט — אָבער איר שטערן האָט געשיינט העלער! דורך איר וועל איך אויך געהאָלפן ווערן — האָט דער דיכטער זיך געטראַכט.

ווען זיי האָבן חתונה געהאַט, איז אַברהמס לעבן געוואָרן נאָך אַ סך שווערער. אַ קינד איז געבאָרן געוואָרן, די ווייב איז געווען קראַנק, און אַברהם האָט געטענהט צו דער ווייב:

— „וואָס זשע האָט דיין שטערן געשיינט העלער ווי אַלע אַנדערע?"

— „פאַרוואָס פאַרשטייסטו ניט?" — האָט די קראַנקע פרוי מיט אַ שמייכל געענטפערט, — „מיין שטערן האָט העלער געשיינט, ווייל מיר איז באַשערט געווען חתונה צו האָבן מיט דיר!"

אָבער אויך איר מזל איז געווען אַ ביטערער. די פרוי איז געשטאָרבן. אַברהם אבן עזראַ איז געבליבן מיט אַ קינד אויף די הענט. האָט ער באַשלאָסן אַז עס איז שוין גענוג פאַר אים אַרומצואוואַנדערן פון איין שטאָט אין דער צווייטער. איז ער אַוועק פון שפּאַניע.

אַברהם אבן עזראַ איז אַוועק אויף אַ ווייטן וואַנדער־וועג. ער

איז געווען אין איטאַליע, געווען אין צפון־אַפריקע, געווען אין מצרים. פון דאָרטן איז ער געפאָרן ווייטער. ער איז געקומען קיין באַגדאַד און דאָרטן געווען א לענגערע צייט. דאָרטן האָט ער געפונען אַ רייכן פריינד וואָס האָט אים געשטיצט. ער איז געווען אין פּערסיע, געווען אַפילו אין אינדיע. אומעטום וואו ער איז געקומען האָט ער פאַרשפּרייט דאָס גרויסע וויסן וואָס ער האָט אַליין פאַרמאָגט. ער האָט געהאַט אומעטום אַ סך תלמידים און אָנהענגערס, אָבער אויך שׂונאים וואָס האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן דעם פרעמדן געלערנטן וואָס קען אַ סך מער ווי זיי.

אַברהם אבן עזרא איז געוואָרן אַ לעבעדיקע קייט וואָס פאַרבינדט די יידן פון שפּאַניע מיט יידן אומעטום איבער דער וועלט. ער האָט אַריבערגעבראַכט אומעטום די העברעאישע פּאָעזיע און די פאַרשיידענע וויסנשאַפטן וואָס זיינען געווען פאַרשפּרייט צווישן יידן אין שפּאַניע. ער אַליין איז געוואָרן באַרימט. אָבער קיין היים האָט ער ניט געהאַט, קיין געלט האָט ער ניט פאַרמאָגט. זיינע קליידער זיינען שטענדיק געווען צעריסן. ער האָט אַ שפּאַס־לידעלע וועגן זיין מאַנטל:

כ׳האָב אַ מאַנטל, איז ער אַלט,
האָט פאַרלאָרן זיין געשטאַלט.
ווי אַ זיפּ איז ער געוואָרן,
זיפּ דורך אים כאָטש ווייץ און קאָרן!

ווען עס ווערט פון אים געמאַכט
אַ געצעלט אין חושך־נאַכט —
וואָלט מען זען דורך אים אינגאַנצן
ווי די אַלע שטערן גלאַנצן.

זיינע לעכער — אַ פאַרמעג,
ווי די ציינער פון אַ זעג.
און די לאַטעס — האָב איך מורא —
זיינען מער שווין פון דער סחורה!

ער האָט זיך טאַקע געקענט וויצלען איבער זיין אויסזען. אָבער מענטשן נעמען אויף נאָך די קליידער נאָך. האָט ניט איין מאָל געטראָפן אַז מען האָט דעם גרויסן געלערנטן אויפגענומען ווי עפּעס אַ

בעטלער. און עס זיינען געבליבן וועגן דעם זייער אַ סך מעשיות.

איין מאָל איז אַברהם אבן עזראַ געקומען מיט זיין יינגל אין אַ שטאָט ערב שבת. האָט אַ ייד אים פאַרבעטן צו זיך אויף שבת, אַזוי ווי מע פאַרבעט אַן אָרעמען אורח. פרייטיק־צו־נאַכט האָט דער פרעמ־דער פאַרוויילט די משפחה מיט שיינע מעשהלעך. ווען מען האָט פאַרענדיקט עסן פיש, האָט דער אורח געפרעגט:

— „נו, און מער האָט איר ניט, בעל־הבית?"

האָט דער בעל־הבית געזאָגט:

— „עס איז דאָ עוף אויך. אָבער דאָס איז אויף מאָרגן נאָכן דאַוונען".

עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און דער פרעמדער האָט איינגע־רעדט אַז מע זאָל אויפעסן דאָס וואָס מען האָט אָנגעגרייט אויף מאָרגן אין דער פרי.

— „נו, און מער האָט איר ניט, בעל־הבית?" — האָט דער אורח ווידער געפרעגט.

— „עס איז דאָ אויפס אויך, אָבער דאָס איז אויף שלש־סעודות".

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און דער פרעמדער האָט איינגע־רעדט אַז מע זאָל איצט עסן אויך אויפס.

— „וויי געשריען!" — האָט די בעל־הביתטע פאַרבראָכן די הענט. — „מען האָט דאָך אַלץ אויפגעגעסן. וואָס וועלן מיר עסן מאָרגן?"

— „זאָרגט זיך ניט, בעל־הביתטע. איך וועל אייך צושטעלן וואָס צו עסן מאָרגן", — האָט דער פרעמדער זיך געמיט צו באַרואיקן די בעל־הביתטע. און ער האָט געהאַלטן וואָרט.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט ער געמאָלדן ווער ער איז. ער האָט פאַרן עולם געהאַלטן אַ דרשה און זיי אויפגעדעקט אַ סך סודות פון דער תורה. אַלע בעלי־בתים האָבן איצט געוואָלט האָבן ביי זיך אַזאַ טייערן גאַסט.

— „ניין, איך קען צו קיינעם ניט גיין", — האָט געענטפערט אַברהם אבן עזראַ, — „איך האָב צוגעזאָגט מיין בעל־הבית דעם גאַנצן שבת צו האַלטן ביי אים".

נו, האָט מען פון אַלע זייטן גענומען שיקן צו יענעם בעל־הבית כּלערליי געשמאַקע שבתדיקע מאכלים.

די מעשׂה האָט טאַקע אַ פֿריילעכן סוף, אָבער ניט אַלע מאָל איז דער וואַנדערנדיקער געלערנטער געווען זאַט און ניט אַלע מאָל האָט ער געהאַט אַ דאַך איבערן קאָפּ. האָט ער דעריבער געמוזט לאָזן זיין זון אין באַגדאַד, אין דער משפּחה פֿון זיינעם אַ פֿריינד. און דער איינזאַמער פֿאָטער האָט געוואַנדערט ווייטער. ער איז געפֿאָרן צוריק קיין מערב.

# ג. ניט אַלע מאָל קען מען ריידן קלאָרע רייד

אַ לענגערע צייט האָט אַברהם אבן עזראַ שפּעטער געלעבט אין רוים. דאָרטן האָט ער אָנגעהויבן זייער אַ וויכטיקע אַרבעט — אַ דערקלערונג אויפֿן תּנך. ער האָט די אַרבעט געטאָן אין פֿאַרשיידענע שטעט, אין פֿאַרשיידענע לענדער. ער איז דורכגעפֿאָרן גאַנץ איטאַליע, געווען אין דרום־פֿראַנקרייך אַ לענגערע צייט, דערנאָך ווידער געפֿאָרן ווייטער, געווען אין אַנדערע טיילן פֿראַנקרייך און אַפֿילו געלעבט אין ענגלאַנד, אין לאָנדאָן.

אומעטום האָט ער געלערנט און פֿאַרשפּרייט קענטעניש. אומעטום האָט ער פֿאַרזייט קערנער וואָס עס זיינען שפּעטער אויסגעוואַקסן פֿון זיי נייע באַוועגונגען צו דערגיין דעם אמת, צו שטודירן יידישע און אַלגעמיינע וויסנשאַפֿטן. די ביכער האָט אַברהם אבן עזראַ געוויינלעך געשריבן אויף באַשטעלונגען פֿון רייכע לייט וואָס האָבן פֿאַרשטאַנען אים אָפּצושאַצן. אָבער אַזאַ לעבן איז דעם גרויסן געלערנטן געווען שווער. ער האָט זיך אָפֿט געפֿילט באַליידיקט, און ער הכּמהט זיך דערביי:

קום איך צום גביר אין דער פֿרי —
ער איז גאָר שפּאַצירן געפֿאָרן.
קום איך אין אָוונט צום גביר —
נאָר וואָס אַנטשלאָפֿן געוואָרן.
אָדער ער פֿאָרט, אָדער ער ליגט —
דעם אָרעמען מענטשן קיין מאָל ניט גליקט!

ביי אַזאַ לעבן קען אַברהם אבן עזראַ ניט אַלע מאָל קלאָר זאָגן וואָס עס ווילט זיך אים. ער קען זיין קורץ און שאַרף, אָבער עס טרעפט זיך אַז ער איז פול מיט רעטענישן און אָנצוהערענישן. ער איז דער ערשטער גרויסער וויסנשאַפטלעכער דערקלערער פון תנך. ער פאַרנעמט זיך ניט מיט קיין לעגענדעס וואָס האָבן זיך אַרומגע־וויקלט אַרום אַ סך שטעלן פון תנך. ער זוכט דעם קלאָרן טייטש, דעם פשט [פשאַט].

ווען אַברהם אבן עזראַ האָט אַ מיינונג וואָס איז אינגאַנצן אַן אַנדערע ווי די וואָס איז אָנגענומען אין די גאָר פרומע קרייזן, טרעפט זיך אַז ער זאָגט זי אַרויס גאָר אָפן. עס טרעפט זיך אויך אַז ער זאָגט זי אַרויס אַזוי פאַרשטעלט, אַז מע מוז זיך ברעכן דעם קאָפּ כּדי צו פאַרשטיין וואָס ער האָט דאָ געוואָלט זאָגן. מענטשן האָבן ליב רעטענישן. האָט מען ליב געהאַט צו פּרואוון דערטראַכטן זיך וואָס דער „אבן עזראַ" [ווי מען האָט אים גערופן] האָט דאָ געוואָלט אַרויסברענגען.

אַ סך גרויסע יידן פון די ווייטערדיקע דורות האָבן געשעפּט זייע־רע מיינונגען פון די טיפע און שאַרפע אויסטייטשונגען וואָס אַברהם אבן עזראַ האָט געגעבן ביים דערקלערן דעם תנך. פון אַלע זיינע אויפ־טוען — איז זיין דערקלערן דעם תנך דער גרעסטער. צום באַדויערן איז ניט אַלץ פאַרבליבן. אַ טייל דערקלערונגען צו אַ סך ספרים פון תנך זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען.

עס האָט געלעבט אין דער זעלביקער צייט רשים אייניקל וואָס מען האָט אים גערופן רבינו תם. ער איז געווען דער גרעסטער קענער פון תלמוד און האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון אַברהם אבן עזראַ. עס זיינען פאַרבליבן אַ סך שיינע מעשׂיות ווי אַזוי רבינו תם האָט גוט זיך באַצויגן צו דעם אָרעמען אַברהם אבן עזראַ. עס האָט כּמעט אין דער זעלביקער צייט געלעבט דער רמבּ"ם. עס זיינען פאַרבליבן אַ סך שיינע מעשׂיות וועגן אים און אַברהם אבן עזראַ.

(די איבערזעצונגען פון די לידער זיינען פון י. י. שוואַרצן).

# ד. מעשׂיות וועגן דעם רמבם און דעם אָרעמען וואַנדערער

דער וואַנדערער איז געקומען קיין קאַהיראַ, אין מצרים, און איז גלייך אַוועק אין רמבּ״ם שפּיטאָל. ער האָט זיך געלייגט אין בעט און געזאָגט אַז ער איז זייער קראַנק. דער רמבּ״ם פּלעגט ניט באַקוקן די קראַנקע אַזוי ווי אַלע אַנדערע דאָקטוירים. אים איז געווען גענוג אַ קוק צו טאָן אויפן פּנים פון קראַנקן און גלייך האָט ער שוין געוואוסט וואָס מיט אים איז און וואָסער רפואה מע דאַרף אים געבן. איז דער רמבּ״ם צוגעגאַנגען צום בעט וואו עס איז געלעגן דער פרעמדער און האָט אַ זאָג געטאָן זיין געהילף:

— „דעם קראַנקן דאַרף מען געבן פיר הונדערט גילדענע רענד־לעך!״

ווי נאָר אַברהם אבן עזראַ האָט דאָס דערהערט, איז ער אויפגע־שפּרונגען און האָט אויסגערופן:

— „האָסט מיך שוין אויסגעהיילט, וואונדערלעכער דאָקטער!״

אין אַן אַנדער מעשׂה איז דער רמבּ״ם ניט אַזאַ מילדער דאָקטער. אַברהם אבן עזראַ איז געקומען צו אים מיט אַ געפערלעכער אויגן־קראַנקייט. דער רמבּ״ם האָט געוואוסט אַז עס איז פאַראַן נאָר איין מיטל קעגן אָט דער קראַנקייט: מע דאַרף אַ סך וויינען, פאַרגיסן אַ סך טרערן כּסדר. וואָס זשע האָט דער רמבּ״ם געטאָן? ווען ער האָט געזען דעם אָרעמען וואַנדערער ביי זיך אין שפּיטאָל, האָט ער זיך צעשריען:

— „ווער האָט דיך געלאָזט זיך צעלייגן דאָ? האָסט אַ סך באַ־צאָלט פאַר אַן אָרט אין מיין שפּיטאָל און פאַרן היילן דיך?״

אַברהם אבן עזראַ איז געוואָרן זייער פאַרוואונדערט און האָט געוואָלט נעמען זיך אויסטענהן מיטן רמבּ״ם. אָבער יענער איז גע־וואָרן גאָר אין כּעס און האָט געשריען ווייטער:

— „פאַר אָט דער חוצפּה נעמט אים, בינדט אים, וואַרפט אים אַריין אין שטאַל מיט די פערד!״ — און זיך אָפּגעקערט און אַוועק.

די דינערס האָבן דעם אומגליקלעכן געבונדן מיט שטריק און אַ

וואָרף געטאָן אין אַ שטאָל אַריין. אַ גאַנצע נאַכט האָט אַברהם אבן עזראַ געוויינט פון ווייטאָגן און באַליידיקונג: זיין פריינד זאָל אים אַזוינס אָפּטאָן?! אויף מאָרגן איז דער רמב"ם אַליין אַריין אין שטאָל, אָפּגעבונדן זיין פריינד און אים דערציילט, פאַרוואָס ער האָט געהייסן אים אויפנעמען אויף אַזאַ שלעכטן אופן.

אַן אַנדער מעשׂה נעמט אויך אַריין דעם סולטאַן סאַלאַדין וואָס דער רמב"ם איז געווען זיין הויף־דאָקטער. איין מאָל האָט דער רמב"ם זיך זייער שטאַרק פאַרשפּעטיקט אין הויף. דער סולטאַן האָט זיך זייער געוואונדערט, האָט ער געפרעגט זיין דאָקטער:

— „וואָס איז די סיבה וואָס מיין דאָקטער איז היינט געקומען אַזוי שפּעט?"

— „איך האָב זייער אַ טייערן גאַסט, ער איז פון די געלערנטסטע און קליגסטע מענטשן אין דער וועלט. איך האָב געשמועסט מיט אים און ניט באַמערקט אַז עס איז אַזוי שפּעט".

— „אויב מיין דאָקטער האַלט אַזוי שטאַרק פון אים, וויל איך אים זען", — האָט דער סולטאַן געזאָגט.

אויף מאָרגן איז דער רמב"ם געקומען מיט אברהם אבן עזראַ. דער סולטאַן האָט געוואָלט אויספּרואוון דעם פרעמדן און האָט זיך געווענדט צו אים מיט בייזקייט:

— „וואו ביסטו געווען די אַלע יאָרן? דו קומסט מיר שוין פון לאַנג אַ גרויסן חוב און דו באַצאָלסט אים ניט. איצט, אַז דו ביסט צופעליק געקומען אַהער, וועל איך דיך ניט באַפרייען, ביז איך קריג ניט אָפּ דעם חוב!"

אַברהם אבן עזראַ איז ניט בלייך געוואָרן, האָט זיך גאָרניט געוואונדערט אויף אַזעלכע רייד. ער האָט רואיק געענטפערט:

— „זאָל מען מיר געבן אַ מאַפּע פון קאַהיראַ". און ער האָט געזוכט און געזוכט איבער דער מאַפּע, ביז ער האָט אָנגעוויזן:

— „אָט דאָ איז פאַראַן אַ גרויסער אוצר. זאָל דער סולטאַן הייסן גראָבן אונטער דעם הויז און ער וועט דאָרטן געפינען טאָפּלט פון דעם וואָס איך קום אים!"

דער סולטאַן האָט זיך צעלאַכט.

יודל מאַרק

# ה. מעשׂיות ווי די חכמה העלפֿט דעם חכם

דער גרויסער געלערנטער אַברהם אבן עזרא האָט די יידן פֿון איטאַליע באַקענט מיט דעם וויסן און דער פּאָעזיע פֿון די יידן אין שפּאַניע. זיין נאָמען איז געוואָרן באַרימט, און דאָס פֿאָלק האָט אויסגעטראַכט אַ סך שיינע מעשׂיות ווי אַזוי אַברהם אבן עזרא האָט געהאָלפֿן די יידן פֿון איטאַליע.

איין מאָל האָט אַברהם אבן עזרא זיך דערוואוסט אַז אין איין שטאָט איז פֿאַראַן אַ מאָדנער גען. ווען אַ ייד גייט פֿאַרביי דעם גען וואָס שטייט אין מיטן מאַרקפּלאַץ, הייבט דער גען אָן צו שרייען: „שלאָגט אים, ער איז אַ ייד!" האָט דער געלערנטער באַשלאָסן צו באַפֿרייען די יידן פֿון אַזאַ צרה.

ער איז געקומען אין דער שטאָט, פֿאַרשטעלט ווי אַ קריסט. ער האָט אויסגעמיטן דעם מאַרקפּלאַץ. מען האָט זיך דערוואוסט אַז ער איז אַ גרויסער געלערנטער, און עס זיינען געקומען צו אים זין פֿון די רייכסטע משפּחות זיך צו לערנען ביי אים מאַטעמאַטיק און אַנדערע וויסנשאַפֿטן. ווען אַברהם אבן עזרא האָט געזען אַז זיין נאָמען איז דאָ שוין גרויס געוואָרן, איז ער צוזאַמען מיט אַלע תּלמידים פֿאַרביי־געגאַנגען דעם מאַרקפּלאַץ און דער גען האָט גענומען שרייען:

„שלאָגט אים, ער איז אַ ייד!"

— „ווער פֿון אייך איז אַ ייד?" — האָט אַברהם אבן עזרא מיט כּעס זיך געווענדט צו זיינע תּלמידים.

זיי האָבן אַלע זיך געשוואָרן אַז זיי זיינען ניט קיין יידן, אָבער זייער לערער האָט זיי ניט געגלייבט. ער האָט גענומען זיי שלאָגן, זיי זאָלן זיך מודה זיין. די צעשלאָגענע זיינען אַוועק מיט טענות צו זייערע עלטערן וואָס זיינען געווען פֿון די רייכסטע און חשובֿסטע אין שטאָט.

ווען דאָס זעלביקע האָט געטראָפֿן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, איז מען אַוועק צום פֿאַרשטעלטן אַברהם אבן עזרא, ער זאָל געבן אַן עצה וואָס צו טאָן.

— „וואַרפט אַרוים דעם געץ", — האָט ער געזאָגט, — „איר זעט דאָך אַז זיינע רייד זיינען משוגענע".

ווי נאָר מען האָט אים געפּאַלגט, איז אַברהם אבן עזרא אַוועק פון אָט דער שטאָט.

אַן אַנדער לעגענדע איז פאַרבונדן מיט רוים. די לעגענדע דער־ציילט:

אין דער וואָך פון דער קריסטלעכער פּאַסכאַ האָבן יידן פון רוים געמוזט אָפּגעבן אַ יידן וואָס די קריסטן פלעגן אים פאַרפּייניקן אויף אַ שרעקלעכן אופן. מען האָט דעם יידן אַריינגעזעצט אין אַ פאַס וואָס איז געווען פול מיט טשוועקעס און געקייקלט איבער די גאַסן פון רוים, ביז דער ייד איז אומגעקומען אין די גרעסטע ווייטאָגן. מען האָט געפּרואווט זיך אויסקויפן פון דער ביטערער גזירה, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן.

ווען אַברהם אבן עזרא איז דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין רוים, זעט ער אַז די גאַנצע שטאָט איז אין טרויער. מען האָט געוואָרפן גורל, ווער עס זאָל דאָס יאָר זיין דער אומגליקלעכער, און דער גורל איז גראָד געפאַלן אויף זייער אַ שיינעם און געראָטענעם בחור וואָס האָט געזאָלט יענע וואָך חתונה האָבן מיט אַ פיינער יידישער טאָכטער.

— „זאָל דער בחור חתונה האָבן, און איך וועל פאַרנעמען זיין אָרט!" — האָט דער פרעמדער געזאָגט.

ווען מען האָט אַברהם אבן עזרא געבראַכט פאַר די קריסטן, האָט ער זיך געווענדט צו זיי:

— „איך בין דער פאַרמשפּטער צום טויט. בעט איך אייך, איר זאָלט איין בקשה מיינע דורכפירן איידער איך שטאַרב".

— „גוט, מיר וועלן עס טאָן", — האָבן זיי צוגעשטימט.

— „ברענגט מיר אַ שיסל מיט וואַסער צו וואַשן די פיס", — האָט דער פאַרמשפּטער געבעטן. מען האָט אים געבראַכט אַ שיסל מיט וואַסער.

— „און איצט", — האָט אַברהם אבן עזרא זיך געווענדט צו אַ געשטאַלט פון זייערן אַ הייליקן,— „קום אַראָפּ און וואַש מיר די פיס!"

די קריסטן זיינען געבליבן אָן אָטעם, ווען די פיגור פון בראָנדז האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון דעם אָרט וואו זי איז געשטאַנען, צוגעקו־מען צום יידן און גענומען אים וואַשן די פיס.

— „קענסט גיין אויף דיין אָרט!" — האָט דער ייד באַפוילן, — „און זאָל איצט קומען אָט דער און מיר אַרומווישן די פּיס!" — האָט ער אַרויסגערעדט און זיך געווענדט צו דער פיגור, דער היילקסטער ביי די קריסטן.

די גלחים האָבן זיך זייער דערשראָקן, טאָמער וועט ווידער פּאַסירן דאָס אומגלייבלעכסטע און די פיגור וועט טאַקע דורכפירן דעם יידנס באַפעל.

— „לאָז אָפּ, לאָז אָפּ! מיר וועלן דיר קיין זאַך ניט טאָן!" — האָבן זיי גענומען בעטן. זיי האָבן צוגעזאָגט אַז דאָס שרעקלעכע פּאַרפייניקן אַ יידן אין אַ פּאָס וועט קיין מאָל ניט פּאַסירן, און אַברהם אבן עזראַ האָט געגעבן אַ מאַך מיט דער האַנט, אַז יענע פיגור קען בלייבן אויף איר אָרט.

# ו. מעשׂיות וועגן דעם גרויסן מאַטעמאַטיקער

אַברהם אבן עזראַ איז געווען זייער אַ גרויסער מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם. זיינען פאַראַן מעשׂיות וואָס ווייזן ווי פלינק זיין קאָפּ האָט געאַרבעט. אַ סך מעשׂיות פון פריער וועגן קונציקע טיילונגען און חכמות און באַרעכענען פאַרבינדט מען מיט זיין נאָמען.

מע דערציילט אויך וועגן אים די אַלטע מעשׂה פון מזרח: אַ פאָטער האָט געלאָזן זיינע דריי זין 17 קעמלען און געהייסן איינטיילן אַזוי: דער עלטסטער קריגט אַ העלפט, דער צווייטער אַ דריטל און דער ייננגסטער אַ ניינטל פון אַלע קעמלען. האָבן די ברידער זיך ניט געקענט איינטיילן, ביז זיי האָבן באַגעגנט אַברהם אבן עזראַ ווי ער רייט אויף אַ קעמל.

— „גוט, איך וועל אייך צעטיילן די ירושה", — האָט דער גרויסער געלערנטער באַרואיקט די דריי ברידער. ער איז אַראָפּ פון זיין קעמל און האָט אַזוי געזאָגט:

— „איך שענק אייך אַוועק מיין קעמל. האָט איר איצט 18. קריגט דער עלטסטער — ניין קעמלען, דער מיטלסטער קריגט — זעקס קעמלען, דער ייננגסטער — צוויי".

יעדערער פון די דריי זין האָט גענומען זיינע קעמלען. איין קעמל איז געבליבן אויפן מאַרקפּלאַץ. האָט אַברהם אבן עזרא זיך אַוועקגע־זעצט אויף אים און אַוועקגעפאָרן.

און נאָך איין מעשה, גאָר אַ קורצינקע. אַברהם אבן עזרא איז מיט 15 תּלמידים געפאָרן אויף אַ שיף. אויף דער שיף איז געווען אַ קאַפּיטאַן מיט 15 מאַטראָסן. זיי זיינען אַלע געווען זייער שלעכטע מענטשן, פּיראַטן און שיכּורים. עס איז געוואָרן אַ שטורעם אויפן ים און דער קאַפּיטאַן האָט געזאָגט אַז די שיף מוז ווערן גרינגער. דערצו דאַרף מען 15 מענטשן אַריינוואַרפן אין ים. די בייזע מאַטראָסן האָבן שוין געוואָלט זיך נעמען צו די תּלמידים. האָט אַברהם אבן עזרא געזאָגט:

— „לאָמיר אויסשטעלן אַלע תּלמידים און אַלע מאַטראָסן אין אַ ריי, און מיר וועלן וואַרפן אין ים יעטווידן ניינטן פון דער ריי, ביז די שיף וועט גרינגער ווערן מיט פופצן מענטשן".

— „זאָל זיין אַזוי!" — האָט אויסגערופן דער קאַפּיטאַן.

און אַברהם אבן עזרא האָט אַזוי קונציק אויסגעשטעלט די תּלמידים און די מאַטראָסן אַז קיין איין תּלמיד זיינער איז ניט אומ־געקומען. ווי זשע האָט ער עס געטאָן? ער האָט זיי אויסגעשטעלט אַזוי [ת — באַטייט אַ תּלמיד און מ — אַ מאַטראָס]:

ת-ת-ת-ת-מ, מ, מ, מ, מ, ת,
ת, מ, ת, ת, ת,
ת, מ, מ, ת, מ, מ, מ, ת, ת, מ, מ, ת, מ,
מ, ת,

איצט נעמט אַ בלייער אין האַנט, גייט כּסדר פון רעכטס אויף לינקס און מעקט אויס יעדן ניינטן, און טוט עס אַזוי כּסדר, ביז איר וועט האָבן אַלע פופצן וואָס מע מוז אַריינוואַרפן אין ים. איר וועט זען, סאַראַ גוטער מאַטעמאַטיקער אבן עזרא איז געווען!

# ז. דער גרויסער פאַרבינדער פון יידן אין פאַרשיידענע לענדער

פאַרוואָס זיינען דאָ אַזוי פיל מעשיות וועגן אַברהם אבן עזראַ? ווייל ער איז געווען אומעטום וואו יידן האָבן געלעבט אין זיין צייט. אַברהם אבן עזראַ איז געווען אין מזרח און אין מערב, אין באַגדאַד און אין לאָנדאָן, אין אינדיע און אין פראַנקרייך. מען האָט אים געקענט, און דאָס פּשוטע פאָלק האָט ליב באַקומען דעם אָרעמען און געלערנטן וואַנדערער. מען האָט געהאַט זיך וואָס צו דערציילן וועגן זיינע חכמות און איבערגעבן זיינע שאַרפע ווערטלעך קעגן רייכע און קעגן נאַרישע מענטשן. האָט די פאַנטאַזיע זיך צעשפּילט און מען האָט געשאַפן שיינע מעשיות און לעגענדעס וועגן דעם קלוגן וואַנדערער.

אַברהם אבן עזראַ איז געווען דער פאַרשפּרייטער פון יידיש וויסן און פון וויסן בכלל. ער האָט פאַרבונדן די יידן איבער דער גאַנצער וועלט. ער האָט אומעטום צעטראָגן דאָס יידישע וויסן אין אַ צייט, ווען פאָרן איז געווען אַ גרויס געפאַר.

אַנדערע פעלקער האָבן געגנוגג אַרומפאָרערס וואָס זוכן גליקן, וואָס זוכן אוצרות אָדער נייע לענדער. אַברהם אבן עזראַ האָט פאַר זיך קיין זאַך ניט געזוכט. ער האָט נאָר געבראַכט אומעטום זיין וויסן און זיין גראָדן שכל. און ער האָט אומעטום געלערנט אַז מע דאַרף זיך פאַרלאָזן נאָר אויפן שכל, אַז „שכל און חכמה — דאָס איז די בריק צווישן מענטש און גאָט".

און וואָס איז געווען זיין לוין? זייער אַ שווער לעבן, אָן אַ היים, אָן אַ משפּחה. און דאָך האָט ער אָנגעשריבן כמעט הונדערט פאַרשיידענע ווערק! אויף די עלטערע יאָרן האָט ער זיך דערוואוסט אַז זיין איינציקער זון, זייער אַ גראָטענער, איז געשטאָרבן אין ווייטן באַגדאַד. אָבער דער אַלטער פאָטער האָט נאָך אַלץ געהאַט כוחות אין זיך ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן אַליין צו שטודירן און צו לערנען אַנדערע. און שטודירנדיק און לערנענדיק אַנדערע, איז ער געשטאָרבן אין עלטער פון 75 יאָר צווישן די יידן פון רוים, וואָס האָבן אים זייער שטאַרק געאַכט.

# דער באַשטראָפטער זינגער

# דער רמב״ן

## (1270-1194)

## א. דער פרומער דאָקטער

קריסטן האָבן געפירט מלחמות מיט מוחמדאַנער. קריסטן האָבן געפירט מלחמות צווישן זיך. מענטשן האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן אַז אַנדערע גלייבן ניט אַזוי ווי זיי. און יידן איז געווען שווער צו לעבן אין אַזאַ וועלט.

אין אַראַגאָניע, אין דעם טייל שפּאַניע וואָס האָט געהערט צו די קריסטן, האָבן די גלחים געקראָגן אַלץ מער דעה, און יידישע רעכט זיינען געוואָרן אַלץ קלענער. יידן האָבן זיך שטאַרק געזאָרגט.

— „אין שווערע צייטן דאַרף מען ערלעכע פירערס", — האָבן גערעדט צווישן זיך די יידן פון דער שטאָט געראָנע, — „אַ שאָד, אַ שאָד וואָס אַזאַ מענטש ווי רבי משה, דער זון פון רבי נחמן, וויל ניט זיין אונדזער רב".

— „אַ גרויסער דאָקטער און נאָך אַ גרעסערער קענער פון תלמוד — אָט אַזאַ ייד דאַרף זיין אונדזער פאָרשטייער אין דעם הויף פון קיניג, און ניט די צוויי גראָבע יונגען, די צוויי רייכע ברידער קאָנסטאַנטיני", — האָבן זיך געהערט שטימען.

אָבער דער פרומער דאָקטער רבי משה, דער זון פון רבי נחמן, האָט אָט די שטימען ניט געוואָלט הערן.

— „איך האָב געלערנט תורה ניט צו לעבן פון איר און ניט צו

פּוצן זיך אין איר", — פלעגט ער ענטפערן די יידן פון גרעאַנע וואָס האָבן אים געבעטן, ער זאָל ווערן זייער רב.

און אַ דאָקטער איז רבי משה אויך געווען אַ מאָדנער. אַז ער איז געווען ביי אַ קראַנקן, האָט ער אים באַקוקט, האָט אים געגעבן רפואות, געזאָגט אים וואָס ער זאָל טאָן, אָבער ער האָט אַלע מאָל פאַרענדיקט אַזוי:

— „וואָס קען דען וויסן אַ מענטש? דער גרעסטער דאָקטער ווייסט אויך ניט די סודות פון דעם גוף, ווי דער קליגסטער מענטש ווייסט ניט די סודות פון דער וועלט. טוט וואָס איך האָב אייך געזאָגט, אָבער בעט גאָט, ער זאָל אייך שיקן אַ היילונג. נאָר ער היילט".

און ווען דער קראַנקער איז געווען אין גאַר אַ שלעכטער לאַגע, האָט דער פרומער דאָקטער געבעטן גאָט אינאיינעם מיטן קראַנקן. און דער קראַנקער האָט זיך געפילט לייכטער. און אַלע האָבן געזאָגט:

— „אַזאַ פרומען דאָקטער האָט נאָך גאַנץ שפּאַניע קיין מאָל ניט געהאַט!"

# ב. דער הויפּט־רב פון אַראַגאָניע

דער נאָמען פון רבי משה, דער זון פון רבי נחמן, איז געוואָרן אַלץ מער באַקאַנט. מען האָט צו אים געשיקט שווערע שאלות וועגן יידישן דין און ער האָט געענטפערט קלוג און קלאָר. ווען פרייערע און פרימערע האָבן זיך געקריגט אין פאַרשיידענע ערטער, האָט מען אים געשריבן אַז ער זאָל מאַכן שלום צווישן זיי. און רבי משה פלעגט איינשטילן די קריגערייען.

— „מיר קענען מער ניט אויסהאַלטן פון די ביידע ברידער קאָנסטאַנטיני", — האָבן גערעדט צו אים יידישע פאַרשטייערס, — „זיי האָבן די גאַנצע דעה ביים קיניג, און זיי נעמען שטייערן פון אונדז, און זיי פירן אונדזערע געשעפטן און פרעגן זיך ניט אָן ביי אונדז. מיר האָבן נאָר איין־איינציקן פּלאַן: ווערט אונדזער הויפּט־רב. וועט איר קענען קומען אין אונדזער נאָמען פאַרן קיניג און איר וועט זיך אָננעמען פאַר אונדז!"

רבי משה האָט ניט געוואָלט הערן פון דעם. אָבער יידן פון באַר־

צעלאָנע און פון זיין אייגענער שטאָט געראָנע און פון אַנדערע שטעט האָבן ניט אָפּגעלאָזט און אַלץ געבעטן: „ווערט אונדזער הויפּט־רב!"

— „דו מוזט עס טאָן", — האָט אים געזאָגט זיין אַלטער גוטער פריינד דער פּאָעט משולם, — „חוץ דיר, איז קיינער ניטאָ וואָס קען זיך אָננעמען פאַר דעם פאָלק".

און רבי משה, דער זון פון רבי נחמן, וואָס מען האָט אים גערופן רמב"ן, איז געוואָרן דער הויפּט־רב פון אַלע יידן אין אַראַגאָניע. ער איז אַוועק קיין באַרצעלאָנע צום קיניג און האָט אים דערציילט, וויפל דאָס פאָלק ליידט פון די ביידע רייכע ברידער קאָנסטאַנטיני. דער קיניג האָט זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און האָט אים צוגעזאָגט:

— „איך וועל קיין געזעץ ניט אַרויסגעבן וועגן יידן, איידער איך וועל ניט פרעגן די מיינונג פון זייער פאָרשטייער, דעם הויפּט־רב אין מיין לאַנד".

— „מיר האָבן ווידער אַ פאָרשטייער וואָס נעמט זיך אָן פאַרן גאַנצן פאָלק!" — זיינען געוועזן צופרידן די אָרעמע יידן אין אַראַגאָניע, און אַלע זיינען געווען שטאָלץ מיט דעם וואָס דער רמב"ן איז זייער וואָרט־זאָגער, זייער פאַרטיידיקער.

עס זיינען אַוועק עטלעכע רואיקע יאָרן. אָבער עס איז געקומען אַ נייע צרה אויף יידן אין אַראַגאָניע. עס האָט זיך באַוויזן איינער אַ געשמדטער ייד וואָס האָט די יידן ניט געלאָזט צו רו. ער איז געגאַנגען אין בתי־מדרשים, ער איז געקומען אומעטום וואו ער האָט נאָר געקענט געפינען אַ גרופּע יידן און האָט אויסגערופן:

— „קומט, פירט אַ וויכּוח מיט מיר. איך וועל אייך דערוויזן אַז דער קריסטלעכער גלויבן איז דער אמתער און אַז אייער יידישער גלויבן איז אַ פאַלשער".

— „לאָז אונדז צו רו!" — האָבן אים די יידן געענטפערט, — „פריי זיך, געשמדטער, וואָס מיר טוען דיר קיין שלעכטס ניט!"

— „איר קענט מיר קיין זאַך ניט טאָן!" — האָט דער געשמדטער זיך געריימט, — „איר ווייסט אַז אַלע גלחים זיינען מיט מיר, אַז דער קיניג אַליין איז מיט מיר, און איר האָט מורא".

# ג. דער גרויסער וויכּוח אין באַרצעלאָנע

פּאַבלאָ קריסטיאַני האָט זיך גערופן דער געשמדטער. ער האָט געהאַט אַ סך פריינד — אַלע גלחים וואָס האָבן שטענדיק געוואָלט אַז יידן זאָלן זיך שמדן. אויך דער גלח פון דעם קיניג איז געוואָרן זיין פריינד. און דער גלח פון קיניג האָט אַזוי לאַנג גערעדט צום קי־ניג, ביז יענער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל:

„עס ווערט איינגעאָרדנט אַ וויכּוח וועגן דעם אמתן גלויבן. דעם וויכּוח זאָל מען פירן אין קיניגלעכן פּאַלאַץ. דעם וויכּוח פירט פּאַבלאָ קריסטיאַני און אַ פאָרשטייער פון די יידן".

ווען דער באַפעל פון קיניג איז אָנגעקומען קיין געראָנע, איז רבי משה געזעסן מיט זיינע צוויי פריינד, רבי יונה און דעם פּאָעט משולם, און זיי האָבן געטראַכט וואָס צו טאָן.

— „אויב מע זאָל זיך אָפּזאָגן צו נעמען אָן אָנטייל אין דעם וויכּוח", — האָט רבי יונה געזאָגט, — „וועט עס הייסן אַז מיר יידן האָבן מורא, אַז מיר ווייסן אַליין אַז דער קריסטלעכער גלויבן איז דער אמתער און מיר ווילן זיך האַלטן ביי אַ פאַלשן גלויבן. אויב מע וועט זיך אָפּזאָגן פון וויכּוח, וועט מען אַרויסגעבן געזעצן, אונדז צו צווינ־גען זיך שמדן!"

— „און אויב מע וועט זיך באַטייליקן אין וויכּוח", — האָט דער פּאָעט משולם געטענהט, — „קען מען דאָך סיייווי ניט זאָגן וואָס מע וויל. זיי וועלן גלייך זאָגן אַז מע באַליידיקט זייער גלויבן, און עס וועט ווערן נאָך ערגער". „און דו", — האָט ער זיך געווענדט צו רבי משהן — „דו זאָלסט נאָר ניט זיין דער יידישער פאָרשטייער. עס איז אַ זיכערער טויט. וועט דער משומד פאַרדרייען מיט זיינע רייד, וועט מען דיך צווינגען זיך שמדן, און דו וועסט דאָך בעסער אָננעמען דעם טויט. און אויב עס וועט זיין פאַר זיי קלאָר אַז דו ביסט דער זיגער, וועלן זיי עס דיר זיכער ניט שענקען!"

— „וואָס זשע ווילט איר, מיינע פריינד, אַז מע זאָל טאָן?" — האָט רבי משה געפרעגט.

— „לאָמיר שיקן אַ טויב־שטומען, לאָמיר שיקן סתּם אַ יידן, אַז

עס איז דאָך ניט וויכטיק וואָס מע וועט זיי זאָגן!" — האָט מיט היץ געריעדט רבי יונה.

— „זאָל מען וואַרפן גורל צווישן די רבנים, און אויף וועמען עס וועט פאַלן דער גורל, דער וועט גיין אויף קידוש-השם און וועט זיין דער יידישער פאָרשטייער ביים וויכּוח", — האָט פאָרגעלייגט דער פּאָעט משולם וואָס האָט געוואָלט ראַטעווען זיין אַלטן פריינד.

— „ניין, מיינע פריינד", — האָט געלאַסן געזאָגט רבי משה, — „איך בין דער הויפּט-רב און איך וועל ריידן פאַר אַלע יידן פון אַראַגאָניע".

און רבי משה איז געקומען צום וויכּוח. מיט אים זיינען מיטגעפאָרן זיינע אַלטע פריינד רבי יונה און דער פּאָעט משולם. מיט אים זיינען אויך מיטגעפאָרן נאָך חשובע יידן פון אַנדערע שטעט. אָבער ריידן פאַר אַלעמען האָט געקענט נאָר רבי משה, דער זון פון רבי נחמן.

דער גרויסער זאַל פון קיניגלעכן פּאַלאַץ איז געווען פול. צום וויכּוח זיינען געקומען אַלע הויפליים, אויסגעפּוצט אין זייערע בעסטע קליידער. עס זיינען געקומען אַלע גענעראַלן פון דער אַרמיי. אויבנאָן איז געזעסן דער קיניג מיט דער קיניגין, אַרומגערינגלט פון גלחים. דער גלח פון דעם קיניג האָט געבענטשט פּאַבלאָן:

— „זאָל קריסטוס שטאַרקן דיין מויל און קלאָר מאַכן דורך דיר אונדזער אמת!"

— „ווייז זיי וואָס דו קענסט, פּאַבלאָ!" — האָבן געשריען אַ סך הויפליים, וואָס האָבן געוואַרט אויפן וויכּוח ווי אויף אַ פאָרשטעלונג.

# ד. „משיח איז נאָך ניט געקומען"

— „איידער מיר הייבן אָן האָב איך אַ בקשה צום קיניג" — האָט דער רמב"ן זיך אויפגעשטעלט.

— „וואָס איז די בקשה? לאָמיר זי הערן", — האָט דער קיניג געזאָגט.

— „זאָל מיר דערלויבט זיין צו זאָגן דעם אמת, דעם גאַנצן אמת, אַזוי ווי איך זע אים און פיל אים", — האָט דער הויפּט-רב געבעטן.

— „אַוודאי, קען דער רב זאָגן וואָס ער וויל. אַניט איז עס דאָך קיין וויכּוח ניט", — האָט דער קיניג געענטפערט.

— „אָבער ער וועט דאָך באַליידיקן אונדזער הייליקן גלויבן", — האָט דער גלח פון קיניג אים אַריינגעזאָגט אין אויער אַריין.

— „אָבער דער רב טאָר ניט באַליידיקן אונדזער גלויבן", — האָט דער קיניג צוגעגעבן צו זיינע פריערדיקע ווערטער.

— „מיר זיינען פאַרפאַלענע, רבי משה איז זיכער אַ פאַרפאַלע־נער", — האָט משולם זיך געבראָכן די הענט און שטיל גערעדט צו רבי יונהן.

און דער וויכּוח האָט זיך אָנגעהויבן. דער געשמדטער האָט גע־שאָטן פעך און שוועבל אויפן יידישן גלויבן, און דער רמב"ן האָט רואיק אים אָפּגעענטפערט. ער האָט קיין מאָל ניט פאַרלאָרן דאָס גע־דולד. ער האָט ניט באַליידיקט די קריסטן, ער האָט נאָר אָפּגעשלאָגן אַלע באַשולדיקונגען, אַלע בייזע רייד פון דעם געשמדטן. אַזוי איז אַוועק אַ טאָג און אַ צווייטער טאָג. עס איז ניט געווען קאָנטיק אַז פּאַבלאָ זאָל קענען געווינען. די גלחים זיינען געוואָרן אַלץ מער אומ־רואיק. די הויפּלייט האָבן שוין פאַרלאָרן דעם אינטערעס. זיי האָבן געזען אַז עס איז גאָרניט קיין „אינטערעסאַנטע" פאָרשטעלונג.



עס איז געקומען דער דריי־טער טאָג פון וויכּוח, און פּאַבלאָ האָט גענומען ריידן וועגן משיחן. ער האָט גערעדט ווי אַזוי די נביאים האָבן פאָרויסגעזאָגט אַז משיח וועט קומען, ווי אַזוי יידן גלייבן אין משיחן. דערנאָך האָט ער גענו־מען ברענגען שטעלן פון די נביאים וואָס דאַרפן דערוויזן אַז יעזוס קריסטוס איז דאָס דער משיח וואָס יידן האָבן געוואַרט אויף אים.

— „עס איז אייער אייגענער משיח, אייער משיח!" — האָט פּאַבלאָ געשריען.

— „ניין, ער איז ניט משיח. משיח איז נאָך ניט געקומען!" — האָט דער רמב"ן רואיק און פעסט געזאָגט.

— „דו באַליידיקסט אונדזער גלויבן!" — האָט פּאַבלאָ ווייטער

געשריען, און די גלחים האָבן זיך אויפגעשטעלט און גענומען שרייען אינאיינעם מיט אים.

— „איך באַלײדיק קיינעם ניט". — האָט דער רמב"ן קלאָר אַרויסגערעדט, — „איך וויל נאָר פרעגן דעם קיניג אַ פּאָר פראַגעס".

— „זאָל דער רב פרעגן", — האָט דער קיניג געזאָגט.

— „צי האָט דער קיניג געפירט מלחמות?"

— „יאָ". — האָט דער קיניג געענטפערט.

— „צי האָבן אַנדערע קריסטלעכע קיניגן געפירט מלחמות? צי פירן זיי איצט מלחמות?"

— „יאָ, אַוודאי", — האָט דער קיניג ווידער געזאָגט.

— „צי וועט דער קיניג צושטימען פונאַנדערצולאָזן זיין אַרמיי?"

— „ניין, זיכער ניט! ווען מען קען אַזאַ זאַך איינפאַלן?" — האָט דער קיניג זיך געוואונדערט.

— „צי וועלן דעם קיניגס גענעראַלן מער ניט לערנען די זעלנער ווי אַזוי צו פירן מלחמה?" — האָט דער רב אַלץ געהאַלטן אין פרעגן.

— „וואָס זיינען דאָס פאַר אַ נאַרישע פראַגעס? — איז דער קיניג געוואָרן אומגעדולדיק.

— „און אונדזערע נביאים האָבן פאָרויסגעזאָגט", — האָט איצט דער רמב"ן גערעדט, — „אַז ווען משיח וועט קומען, וועט אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק ניט הייבן קיין שווערד, און מע וועט די שווערדן אי־בערשמידן אין אַקער־אייזנס און די שפּיזן אין גאָרטן־שערן, און מע וועט מער ניט לערנען קיין מלחמה! הייסט עס אַז משיח איז נאָך ניט געקומען!"

פּאַבלאָ האָט געשטומט. אַלע אין זאַל זיינען געוואָרן שטיל.

— „דער וויכּוח איז פאַרענדיקט", — האָט דער קיניג אויסגע־רופן.

# ה. דער אַלטער וואַנדערער

משולם האָט געשטראַלט פון גליק און האָט געדריקט די האַנט פון זיין אַלטן פריינד:

— „דו ביסט אַרוים אַ זיגער, אַ זיגער!"

— „איך האָב דעם זיג ניט געוואָלט", — האָט דער רמב"ן גע־

זאָגט מיט אַ שמייכל אויף זיין אַלטן פּנים, — „איך האָב געמוזט זיגן, אָבער איך ווייס אַז דאָס איז נאָך ניט דער סוף".

און דאָס איז טאַקע נאָך ניט געווען דער סוף. פּאַבלאָ און די גלחים האָבן זיך נאָך אַלץ ניט באַרואיקט. זיי האָבן פאַרשפּרייט קלאַנגען אַז דער רמב"ן האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן אויף פּאַבלאָס רייד. פּאַבלאָ אַליין איז אַרומגעפאָרן איבער פאַרשיידענע שטעט און האָט זיך געריממט אַז ער האָט גאָר באַזיגט דעם גרויסן יידישן געלערנטן.

האָט דער רמב"ן אָנגעשריבן אין אַ בוך אַלץ וואָס עס איז פאָר־געקומען ביים וויכּוח. ער האָט איבערגעגעבן די רייד פון זיין קעגנער און זיינע אייגענע רייד. ער האָט קיין זאַך ניט צוגעגעבן און אויך קיין זאַך ניט באַהאַלטן. ער האָט עס געלאָזט פאַרשפּרייטן צווישן יידן אין אַראַגאָניע און אויך אין אַנדערע לענדער, כּדי מע זאָל וויסן וואָס צו ענטפערן, ווען מע וועט צווינגען יידן צו פירן אַ וויכּוח.

ווען אָט דער באַריכט וועגן וויכּוח איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די גלחים, זיינען זיי אַוועק צום קיניג און אָנגעקלאָגט דעם רמב"ן אַז ער האָט באַליידיקט דעם קריסטלעכן גלויבן.

— „טויט קומט אים דערפאַר, טויט!" — האָבן זיי געשריען און געפּאַטשט מיט די צלמים.

דער קיניג האָט אַרויסגעוויזן זיין גוטסקייט. ער האָט דעם אַלטן רב ניט באַשטראָפט מיט טויט — ער האָט אים נאָר פאַרטריבן פון זיין לאַנד.

דער רמב"ן איז שוין געווען נאָענט צו זיבעציק יאָר. אָבער ער האָט געמוזט אויף גיך פאַרלאָזן דאָס לאַנד וואו ער איז געבאָרן גע־וואָרן און וואו עס האָבן געלעבט זיינע עלטערן און זיינע זיידעס. דער אַלטער רב איז געוואָרן אַ וואַנדערנדיקער ייד.

און דער רמב"ן האָט געוואַנדערט איבער אַ סך לענדער, אָן אַ היים, אָן נאָענטע פריינד, אָן משפּחה. און דער אַלטער וואַנדערנדיקער ייד האָט באַשלאָסן:

— „איך פאָר קיין ארץ־ישראל. דאָרטן וועל איך פאַרענדיקן מיין לעבן!"

# ו. דאָס ליכט פון ציון

עכּו (אַקוי) איז אַ שטאָט ביים ברעג ים. דאָרטן האָט דער רמב״ן זיך באַזעצט. דאָס לאַנד איז געווען איינגאַנצן וויסט פון די מלחמות צווישן די קריסטן און מוחמדאַנער. יידן זיינען געווען אין ארץ־ישׂראל ווייניק אין צאָל און זייער אָרעם. דער אַלטער רבי משה האָט זיי גע־טרייסט. ער איז געוואָרן זייער פירער און זייער לערער. עס האָבן זיך געצויגן צו אים תּלמידים אויך פון אַנדערע לענדער. דער רמב״ן האָט אין ארץ־ישׂראל צונויפגענומען די גאָר־גאָר פרומע יידן וואָס האָבן געזאָגט:

— „מיר וועלן וואַרטן אויף משיחן אין ארץ־ישׂראל!״

און דער רמב״ן האָט באַוויזן אין ארץ־ישׂראל אָנצושרייבן זיינעם אַ פּירוש, גאָר אַ פרומע און מיסטישע דערקלערונג אויפן חומש. ער האָט באַוויזן צו שאַפן אין ארץ־ישׂראל אַ צענטער פאַר זיינע תּלמידים וואָס האָבן געזאָגט:

— „ווען משיח וועט קומען, וועט ער אַלע יידן ב ר ע נ ג ע ן קיין ארץ־ישׂראל. אָבער מיר וועלן שוין ז יי ן אין ארץ־ישׂראל!״

און דער אַלטער 75־יאָריקער רבי משה, דער זון פון רבי נחמן, איז געשטאָרבן אין ארץ־ישׂראל, זאַט אין יאָרן און צופרידן מיט דעם אַז עס קומט ווידער אַ ליכט פון ציון.

# די עקידה

# שמואל זיגעלבוים - ארטור

## (1943-1895)

### א. שמואליק ווערט אַן אַרבעטער

די קליינע קינדער זיינען שוין געשלאָפן, צוגעטוליעט איינס צום צווייטן און איבערגעדעקט מיט קאָלדרעס און מיט אַלטע קליידער. אין שטיבל איז געווען קאַלט. עס איז געווען אַ בייזער ווינטער. אין ווינקל איז געשטאַנען אַ ניימאַשין, און די מאַמע — העניע די שניי־דערין האָט מען זי גערופן אין שטעטל — האָט זיך ערשט איצט גענומען נייען אַ קליידל פאַר אַ שכנה וואָס איז געווען אַזוי אָרעם ווי זי.

לעבן איר, ביים שיין פון דעם זעלביקן קליינעם לעמפל, האָט זיך צוגעזעצט דער צען־יאָריקער שמואליק און האָט געלייענט אַ ביכל אויף יידיש, וואָס ער האָט געפונען אויפן בוידעם פון זיידן ר׳ יעקל, דעם שוחט פון שטעטל. די מאַמע האָט מיטן פוס געדריקט אויפן טרעטער פון דער מאַשין, איר יינגל האָט געמישט די בלעטלעך פון דעם האַלב־צעריסענעם ביכל.

— „מאַמע", — האָט שמואליק אַ זאָג געטאָן — „מאָרגן גיי איך ניט אין חדר!"

— „בלייב טאַקע מאָרגן אין דער היים", — האָט די מאַמע געענטפערט און זיך ניט אָפּגעריסן פון דער אַרבעט, — „די שיך זיינען דיר צעריסן און ס'איז אַזאַ ברענענדיקער פראָסט!"

— „מאַמע", — האָט שמואליק ווייטער גערעדט — „איך וועל אין חדר מער ניט גיין!"

די מאַמע האָט אויפגעהערט אַרבעטן און מיט פאַרוואונדערונג

אַ קוק געטאָן אויף איר עלטסטן זון. זי האָט געוואוסט אַז ער פוילט זיך ניט צו לערנען און אַז ער האָט אַ גוטן קאָפּ.

— „דער רבי מאָנט שכר-לימוד. ביי מיר מאָנט ער שוין גאָר־ניט, אָבער ער קוקט אויף מיר מאָדנע און איך קען עס ניט פאַרטראָגן. איך גיי מער ניט אין חדר!"

די מאַמע האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער די טיר האָט זיך גע־עפנט. דער טאַטע איז אַריינגעקומען. שפּעט אין אָוונט האָט ער געלערנט שרייבן יידיש מיט צוויי דערוואַקסענע מיידלעך, וואָס ביי־טאָג האָבן זיי געדאַרפט אַרבעטן. אַ גאַנצן טאָג איז דער טאַטע — יאָסקע דער לערער — אַרומגעגאַנגען פון איין אָרעמער שטוב אין אַ צווייטער און געלערנט מיידלעך שרייבן יידיש.

ווען דער טאַטע האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, האָט ער גלייך פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס. און ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן רויכערן, האָט ער זיך פאַרהוסט און עפּעס אויסגעשפּיגט אין טאַשנטיכל. ס'איז געווען רויטלעך, באַפאַרבן מיט בלוט. שמואליק האָט געוואוסט אַז דער טאַטע האָט אַ לונגען-פעלער. אָבער ער רייכערט און ער הוסט, ער הוסט און ער רייכערט. די מאַמע האָט דערציילט דעם טאַטן וואָס שמואליק האָט איר געזאָגט.

דער טאַטע האָט געצופּט זיין שפּיציק געל בערדל, זיך אויפגע־שטעלט און — אַ הויכער, אַן איינגעבויגענער און אַ דאַרער — גענו־מען שפּאַנען צווישן דער ניימאַשין און די בעטן וואו די קינדער זיינען געשלאָפן. צווישן איין הוסט און צווייטן האָט ער גערעדט:

— „דער באַלעבאָס, העניע, האָט מיך ווידער אָפּגעשטעלט און געמאָנט דירה-געלט. מיר קומען דאָך שוין היפּשע עטלעכע חדשים דירה-געלט. אָבער ער איז אַ גוטער גוי. ער האָט געזאָגט, אַז אין מיטן ווינטער וועט ער אונדז פון דער דירה ניט אַרויסוואַרפן... דו, שמואליק, דאַרפסט אָנהייבן לערנען אַליין, לערנען פאַר זיך. זעץ זיך אין בית-מדרש — ס'איז וואַרעם דאָרטן — און לערן פאַר זיך".

— „איך קען ניט לערנען פאַר זיך. דאָס לערנען קריכט מיר ניט אין קאָפּ", — האָט שמואליק געזאָגט ווי אַ דערוואַקסענער.

— „וואָס זשע וועט זיין דער תכלית?" — האָט דער טאַטע זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן אַרומשפּאַנען.

— „איך וויל אַרבעטן אין דער פאַבריק!"

אין זייער שטעטל קראַסניסטאַוו האָט מען אויפגעשטעלט אַ פּאַב־ריק, וואו מען האָט געמאַכט קליינע הילצערנע פּודעלעך, קעסטעלעך, פּאַר זאַלבן. דאָרטן האָבן געאַרבעט אַ הונדערט קינדער, יינגלעך און מיידלעך. טאַטע־מאַמע האָבן דעריבער געוואוסט וואָס שמואליק וויל טאָן.

די מאַמע האָט געזיפצט. דער טאַטע האָט געהוסט. אַזוי איז באַשלאָסן געוואָרן אַז זייער צען־יאָריקער זון ווערט אַן אַרבעטער.

## ב. אַ מעשה מיט קעז

די יינגלעך אין דער פּאַבריק האָבן געשניטן דינע־דינע פּאַסן פון האָלץ. די מיידלעך האָבן זיי אויסגעבויגן עס זאָל זיין קיילעכדיק פּאַר די קליינע פּודעלעך. מען האָט עס געדאַרפט צונויפקלעפּן, די פּודעלעך זאָלן זיך האַלטן. האָט מען גענוצט פּאַפּ. מען האָט גענו־מען מעל און וואַסער און געמאַכט פון דעם פּאַפּ. כדי דער פּאַפּ זאָל בעסער קלעפּן, האָט מען אַריינגעמישט אַ ביסל ווייסן קעז.

די יינגלעך און די מיידלעך זיינען אַלע געקומען פון זייער אָרעמע היימען. געצאָלט פאַר דער אַרבעט האָט מען גראָשנס. די קינדער זיינען שטענדיק געווען האַלב־הונגעריק.

שמואליק האָט שוין אַ יאָר צייט געאַרבעט אין דער פּאַבריק און איז געוואָרן אַ גאַנצער פירער ביי די יונגע אַרבעטער. איין מאָל איז אים איינגעפאַלן אַ פּלאַן:

— „קינדער, וואָס זאָל מען פּטרן גוטן ווייסן קעז און אים אַריינ־לייגן אין פּאַפּ? לאָמיר זיך צעטיילן מיטן קעז!"

חברה האָבן אַזוי געטאָן. עטלעכע טעג האָט מען גענאַשט דעם געשמאַקן קעז. נאָר דער באַלעבאָס האָט באַמערקט: די פּודעלעך זיינען עפּעס ניט גוט צוגעקלעפּט. ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט פון די מיידלעך — זיי טוען זייער אַרבעט דאַכט זיך גוט. עס זיינען אַוועק נאָך עטלעכע טעג. דער באַלעבאָס האָט זיך געכאַפּט: דער פּאַפּ טויג ניט! האָט ער נאָכגעקוקט זיינע יונגע אַרבעטער און האָט זיך דערוואוסט: זיי עסן אויף דעם קעז! ער האָט לאַנג ניט געטראַכט:

— „איר זעט? איך שפּיי אַריין אין דעם קעז! יעדן טאָג וועל איך אַריינשפּייען אין דעם קעז און אייך אָפּגעוואוינען פון נאַשן!"

אַזוי האָט זיך געענדיקט שמואליקס ערשטער פּרוּוו צו זיין אַ פּירער ביי אַרבעטער.

שמואליק האָט געהאַט די שווערסטע און די געפערלעכסטע אַר־בעט אין דער פאַבריק. איז געשטאַנען ביי דער שנייד־מאַשין וואָס האָט צעשניטן גרויסע שטיקער האָלץ אין שמאָלע האָלץ־פּאַסן. ער פלעגט פלינק צורוקן דאָס האָלץ צו דער זעג פון דער מאַשין. אָבער איין מאָל איז געשען אַן אומגליק. די זעג האָט זיך אַריינגעשניטן אין צוויי שפּיצן פינגער און אָפּגעזעגט פון זיי דאָס פלייש און אַ שטיקל ביין. דער ווייטאָג איז געווען שרעקלעך. שמואליק האָט פאַרלאָרן אַ סך בלוט. מיט דער צייט האָבן די פינגער זיך פאַרהיילט. נאָר צוויי פינגער־נעגל זיינען געבליבן פלאַטשיקע אויפן גאַנצן לעבן.

מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט די קאַריערע פון אַ פאַבריק־אַר־בעטער. די מומע זיינע איז געווען אַ בעקערין. האָט שמואליק גע־אַרבעט ביי איר אין דער בעקעריי. שמואליק איז שוין געווען גאַנצע צוועלף יאָר אַלט. מע דאַרף טראַכטן וועגן אַ תכלית. מע דאַרף זיך אויסלערנען אַ פאַך. האָט ער באַשלאָסן: מע דאַרף פאָרן אין דער גרויסער שטאָט אַריין. שמואליק איז אַוועק קיין וואַרשע.

## ג. צוגעדעקט מיט האַרבסטיקע בלעטער

ווי לערנט מען זיך אויס אַ פאַך? מע דאַרף ווערן אַ לערן־יינגל ביי אַ בעל־מלאכה. דער יינגל פון דעם קליינעם שטעטל האָט גע־שפּרייזט איבער די טומלדיקע גאַסן פון דער גרויסער שטאָט וואַרשע, ביז ער איז אַריינגעפאַלן צו אַ הענטשקע־מאַכער.

דאָס איז געווען אַ קליינער וואַרשטאַט, וואו עס האָט געאַרבעט דער באַלעבאָס און אַ צוויי־דריי געהילפן. דאָרטן האָט אויך געלעבט די גאַנצע משפחה פון באַלעבאָס. די קינדער האָבן זיך געשלאָגן און האָבן געשריען. די באַלעבאָסטע האָט געשלאָגן די קינדער און האָט געשריען. דער באַלעבאָס האָט געשריען אויף די קינדער, אויף זיין ווייב און אויף זיינע געהילפן. עס איז געווען אַ טומל ביז צום הימל. דער באַלעבאָס האָט ניט געהאַט קיין צייט צו לערנען שמואליקן

די מלאכה ווי אַזוי צו מאַכן הענטשקעס פון לעדער און פון זאַמש. שמואליק האָט ניט געהאַט קיין צייט זיך צוצוקוקן ווי עס אַרבעטן די געהילפן. דאָ האָט ער געדאַרפט לויפן עפּעס קויפן אין אַ קראָם, דאָ האָט ער געדאַרפט העלפן דער באַלעבאָסטע, זיך אַרומטראָגן מיטן קלענסטן קינד, קערן דעם וואַרשטאַט. פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט איז ער געווען איינגעשפּאַנט אין אַרבעט. דערפאַר האָט ער געהאַט אַ געלעגער אויף אַ פּאָר בענקלעך און עסן — טרוקן ברויט, קאַרטאָפל, אַן עק פון אַ הערינג.

שמואליק וואָלט עס אַלץ אַריבערגעטראָגן. ער האָט אָבער ניט געקאָנט פאַרטראָגן די קלעפּ וואָס ער פלעגט קריגן פון באַלעבאָס. דער טאַטע און די מאַמע האָבן קיין מאָל אויף אים קיין האַנט ניט אויפגעהויבן. און דאָ קומט אַ פרעמדער שוואַרץ־יאָר און שלאָגט אים גאָר! איין מאָל איז דער באַלעבאָס געווען אַ ביסל שיכּור, האָט ער אים שטאַרק צעשלאָגן.

איז שמואליק אַנטלאָפן פון זיין באַלעבאָס. אַ צוועלף־יאָריקער, איינער אַליין אין דער פרעמדער, גרויסער שטאָט. ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער אָרעמע און איבער שיינע גאַסן. עס איז צוגע־פאַלן די נאַכט. האָט ער זיך אַריינגעשלייכט אין דעם גרויסן גאָרטן אין מיטן שטאָט, אין קראַשינסקים גאָרטן און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. קיינער שפּאַצירט שוין ניט אַרום. עס ווערט שפּעט. דער עלנטער יינגל לייגט זיך אויף דער האַרטער באַנק, דרייט זיך צונויף פון קעלט און שלאָפט איין. עס איז סוף אויגוסט. דער האַרבסטיקער ווינט באַדעקט דעם שלאָפנדיקן מיט געלע בלעטער, וואָס ער שפּילט זיך מיט זיי.

זיבן טעג האָט שמואליק אַזוי זיך אַרומגעדרייט איבער די וואַר־שעווער גאַסן. ער האָט געהאַט אַ פּאָר גראָשן, האָט ער זיך געקויפט שטיקלעך טרוקן ברויט און זויערע אוגערקעס. אַזוי האָט ער געלעבט און געהונגערט, און געפרווירן אין די נעכט אויף אַ באַנק אין קראַ־שינסקים גאָרטן. ביז עס איז געשען אַ גרויס גליק:

איין מאָל אין גאַס שטעלט אים אָפּ אַן עלטערע פרוי:

— „ביסטו ניט יאָסקע דעם לערערס פון קראַסניסטאַוו?"

דאָס איז געווען אַ גוטע פרוי פון זיין שטעטל. זי האָט דערקענט דעם יינגל. זי האָט אים אַריינגענומען צו זיך. אַליין איז זי געווען

אָרעם. אָבער דאָך האָט זי דעם יינגל געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד. שמואליק האָט ביי איר געלעבט און האָט געאַרבעט ביי פאַרשידענע בעלי־מלאכות.

שמואליק האָט אין דער פרייער צייט זיך געלערנט, געלייענט אַ סך יידישע ביכער. ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן לידער, וואָס ער פלעגט זיי פאָרלייענען פאַר באַקאַנטע.

— „טראָג זיי אַוועק אין אַ רעדאַקציע!” — האָט מען אים געגעבן אַן עצה. אָבער שמואליק האָט זיך געשעמט. ער אַליין האָט אָבער הנאה געהאַט פון זיינע לידער.

## ד. דער פאָרשטייער פון כעלעמער אַרבעטער

ס'איז געקומען די ערשטע וועלט־מלחמה. שמואל זיגעלבוים איז אַוועקגעפאָרן פון וואַרשע אַהיים, קיין קראַסניסטאַוו. שלאַכטן זיינען געווען ניט ווייט פון שטעטל. האָט מען געמוזט אַנטלויפן. האָט שמואל און זיין גאַנצע משפחה זיך באַזעצט אין כעלעם. דאָרטן האָט מען געהאַט אויפגעשטעלט אַ גרויסן מיליטערישן שפּיטאָל, און שמואל איז געוואָרן אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג. ער איז געוואָרן אַ טוער, געזאָרגט וועגן דעם עקאָנאָמישן מצב פון די אַרבעטער אין כעלעם און וועגן דעם אַז זיי זאָלן זיך לערנען, אַזוי ווי ער האָט אַליין זיך געלערנט אין וואַרשע און איצט אין כעלעם. ער האָט שוין גוט געקאָנט פויליש, די שפּראַך פון לאַנד. ער האָט גענומען האַלטן רעדעס אויף יידיש פאַר זיינע חברים־אַרבעטער און געניצט פויליש, ווען די יידישע אַרבעטער האָבן געדאַרפט זיך פאַרבינדן מיט די ניט־יידישע.

די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן געקאָנט אונטער די עסטרייכער פרייַ אָרגאַניזירן די אַרבעטער. שמואל זיגעלבוים איז געוואָרן אַ מיטגליד פון דעם „בונד”. שמואל זיגעלבוים האָט ליב באַקומען זיין פּאַרטיי, און זיין ווייטערדיק לעבן איז געווען פאַר די יידישע אַרבעטער און פאַרן „בונד”.

ווען שמואל איז געווען אַלט 22 יאָר, האָבן זיינע חברים אים אויסגעקליבן ווי זייער פאָרשטייער צום צוזאַמענפאָר פון „בונד” אין דער שטאָט לובלין. דאָ האָט דער יונגער אַרבעטער־פירער זיך באַ־

קענט מיט עלטערע און געניטע חברים. ער איז זיי אַלעמען שטאַרק געפעלן געוואָרן. מען האָט געזען אַז ער איז אַ פּראַקטישער טוער, אַן ענערגישער מענטש און „האָט קאָפּ אויף די פּלייצעס".

אָבער שמואל איז דערווייל נאָך אַליין געווען אַ פּשוטער אַרבעטער, אַ הענטשקע-מאַכער. ער האָט חתונה געהאַט, געהאַט צוויי קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער, און געלעבט גאַנץ אָרעם.

אין 1920 פאָרט שמואל זיגעלבוים אַריבער קיין וואַרשע. פּוילן איז שוין דעמאָלט אַ מדינה פאַר זיך. עס ווערט זייער שטאַרק די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג. מע דאַרף יונגע, ענערגישע כּוחות, און שמואל זיגעלבוים ווערט אַן אָרגאַניזאַטאָר פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

## ה. חבר אַרטור

נאָך פון די צאַרישע צייטן האָט זיך געפירט אין „בונד" אַז אַ טייל טוערם האָבן געאַרבעט ניט אונטער זייער נאָמען, נאָר אונטער אַ פּסעוודאָנים, אַ פאַרשטעלטן נאָמען. אויך אין פּוילן האָט מען געמוזט זיך האַלטן ביי אַזאַ פירונג, ווייל ניט אַלץ האָט מען געמעגט טאָן וואָס מע האָט געדאַרפט טאָן פאַר די אַרבעטער. האָט שמואל זיגעלבוים באַקומען דעם פּסעוודאָנים — חבר אַרטור. ווער דאָס איז זיגעלבוים האָבן געוואוסט נאָר די נאָענטע, באַקאַנט און פּאָפּולער איז געוואָרן דער נאָמען — אַרטור.

גאָר גיך איז חבר אַרטור געוואָרן באַליבט. חבר אַרטור איז די ערשטע צייט געווען דער סעקרעטאַר פון די יידישע מעטאַל-אַרבעטער. ער האָט געאַרבעט מיט ברען, מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט. האָט מען אים אויסגעקליבן אין דעם צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד". חבר אַרטור איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פון צענטראַלן ראַט פון אַלע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין וואַרשע. ער איז געוואָרן דער יידישער פאָרשטייער אין דעם אַלגעמיינעם ראַט פון אַרבעטער אין וואַרשע. זיין נאָמען האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. חבר אַרטור איז געוואָרן פאָרזיצער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון אַלע לעדער-אַרבעטער. ער איז געוואָרן אַ מיטגליד פון שטאָט-ראַט אין וואַרשע.

חבר אַרטור איז אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך פון פּוילן און געגעבן צו די אַרבעטער, געוועקט, גערופן זיך פאַראייניקן, ווערן שטאַרקער, דערשלאָגן זיך צו אַ בעסער לעבן. ער האָט אַליין גוט געוואוסט דעם טעם פון נויט און אָרעמקייט און האָט מיטן גאַנצן האַרצן גערופן: העלפט זיך אַליין, קיין אַנדערער וועט אייך ניט העלפן!

חבר אַרטור האָט געשריבן וועגן דעם מצב פון יידישן אַרבעטער־לעבן אין פּראָווינץ. ער איז געווען אַ גוטער רעדנער. ער האָט ניט געזשאַלעוועט זיינע כּוחות און ניט גערוט קיין רגע. האָבן יידישע אַרבעטער אים זייער ליב באַקומען.

זעכצן יאָר האָט חבר אַרטור געוואוינט אין וואַרשע. אָבער אומ־געריכט האָט ער געמוזט אַוועק פון וואַרשע און האָט זיך באַזעצט אין לאָדזש. אַזוי האָט באַשלאָסן זיין פּאַרטיי, וואָס האָט געדאַרפט פאַרשטאַרקן די אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש, דער צווייט־גרעס־טער שטאָט פון פּוילן. חבר אַרטור האָט געפאָלגט וואָס זיין פּאַרטיי הייסט אים. אין לאָדזש האָט ער געאַרבעט פּונקט אַזוי ענערגיש ווי אין וואַרשע. ער איז אינגיכן אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַ מיטגליד אין לאָדזשער שטאָט־ראָט.

נאָך דריי יאָר לעבן אין לאָדזש קומט דער גרויסער איבערברוך אין די לעצטע, די העלדישע יאָרן פון אַ קורץ לעבן. דער משוגענער היטלער באַשליסט איינצונעמען די וועלט. ער הייבט אָן די צווייטע וועלט־מלחמה. ער הייסט זיינע נאַציס אָנצופאַלן אויף פּוילן. די מלחמה איז אַלט נאָר פינף טעג, אָבער די נאַציס שטייען שוין ביי לאָדזש.

## ו. ביי פּאַרטיידיקן וואַרשע

די וועגן זיינען געווען פאַרלייגט מיט הונדערטער טויזנטער וואָס זיינען צופוס געלאָפן פון דעם שונא. די דערפער און די שטעטלעך האָבן געברענט. נאַצישע אַעראָפּלאַנען האָבן געהאָגלט מיט טויט.

חבר אַרטור איז מיט דעם שטראָם מענטשן געקומען קיין וואַר־שע. ער איז געקומען מיט געשוואָלענע פיס פון גיין דריי מעת־לעת, פאַרשוויצט און פאַרשטויבט פון שווערן וועג. ער האָט אין מיטן

נאַכט אָנגעקלאַפּט ביי אַ חבר, דאָרטן איבערגענעכטיקט און זיך גע־קליבן גיין ווייטער, צו מזרח צו. אפשר וועט מען דאָרטן קענען אָפּ־שטעלן דעם געפּאַנצערטן שׂונא. אפשר וועט מען זיך אַרויסרייסן פון זיינע הענט.

איידער ער האָט געזאָלט פאַרלאָזן וואַרשע, איז חבר אַרטור אַוועק צו זיינעם אַ פריינד, דעם פאָרזיצער פון דער פוילישער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי. ער האָט געוואָלט זיך דערוויסן, וואו מען האַלט אין דער וועלט מיט דער מלחמה וואָס איז אַלט געוווען קוים אַ וואָך צייט.

„די פוילישע אַרמיי ציט זיך אָפּ, אָבער מיר די איינוואוינערס — מיר וועלן פאַרטיידיקן אונדזער הויפּטשטאָט. מיר וועלן ניט אָפּגעבן וואַרשע אָן אַ קאַמף!״

דאָס האָט אַרטור זיך דערוואוסט. ער איז געקומען צו זיינע בונדישע פריינד און האָט עס דערציילט. ער האָט צוגעגעבן:

— „איך בלייב אין וואַרשע. איך וועל העלפן פאַרטיידיקן וואַר־שע!״

די באַלאַגערונג פון וואַרשע האָט זיך אָנגעהויבן. חבר אַרטור איז געווען דער מענטש וואָס האָט די יידישע אַרבעטער פאַרבונדן מיט די פוילישע. מיט לייב און לעבן האָבן יידן פון וואַרשע, צוזאַ־מען מיט די פּאָליאַקן, פאַרטיידיקט די שטאָט. די נאַציס האָבן גע־האַט קאַנאָנען און טאַנקען און אַ געלערנטע אַרמיי. די פאַרטיידי־קערס פון וואַרשע האָבן געהאַט זייער ווייניק געווער. דאָס ערגסטע איז געווען דאָס באָמבאַרדירן און דאָס צינדן די שטאָט מיט עראָ־פּלאַנען. טויזנטער זיינען געפאַלן אין די גאַסן און מע האָט זיי באַ־גראָבן גלייך אויפן אָרט. אָבער די גאַנצע באַפעלקערונג איז געווען העלדיש און ברידערלעך. מע האָט געשאָסן אויפן שׂונא, מע האָט געלאָשן די כּסדרדיקע שׂריפות, מע האָט געגראָבן שוץ־גראָבנס, און מיט מעסערס און מיט שטיינער זיך געשיצט פון די נאַציס וואָס האָבן געפּרואווט זיך אַריינרייסן אין שטאָט. און חבר אַרטור איז געווען צווישן די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן פון אָט דער העלדישער פאַרטיידי־קונג.

גאַנצע דריי וואָכן האָט זיך געצויגן דער אומגלייכער קאַמף צווישן דער שטאַרקסטער אַרמיי אין דער וועלט און די איינוואוינערס פון וואַרשע. די שטאָט וואָס איז אויסגעגאַנגען מיט בלוט און וואָס

האָט געהונגערט האָט געמוזט זיך אונטערגעבן. די שטאָט האָט גע־
האַט איבער אַ מיליאָן איינוואוינערס, צווישן זיי אַ דריטל יידן.

## ז. דער משכּון

ווען די נאַציס האָבן פאַרנומען די שטאָט, האָבן זיי פאַרלאַנגט פון דעם הויפּט פון שטאָט, פון דעם שטאָט־פּרעזידענט, ער זאָל געבן צוועלף נעמען פון די חשובסטע איינוואוינערס, זיי זאָלן זיין משכּנות. ווערט מען ניט טאָן וואָס דער זיגער הייסט — וועט מען זיי גלייך דערשיסן.

דער שטאָט־פּרעזידענט האָט אַרויסגערופן צו זיך די בונדישע פירערין (די שוועסטער פון דעם בונדישן פירער וויקטאָר אַלטער, וואָס סטאַלין האָט אים שפּעטער דערשאָסן צוזאַמען מיטן פירער פון „בונד" הענריק ערליך) און האָט מיט איר גערעדט וועגן די צוועלף משכּנות. זאָלן די יידן אויך געבן צוויי, איינעם פון די אַרבעטער און איינעם פון די סוחרים. זי האָט געזאָגט, אַז זי דאַרף זיך באַראַטן מיט די חברים.

— „דער שטאָט־פּרעזידענט", — האָט די חברטע דערציילט — „וויל מיך ווי די פאַרשטייערין פון די יידישע אַרבעטער צווישן די משכּנות".

— „מע טאָר ניט דערלאָזן אַז אַ פרוי זאָל זיין אַ משכּון!" — האָט געזאָגט חבר אַרטור — „איך בין גרייט צו פאַרנעמען איר אָרט!"

די חברים האָבן צוגעשטימט. דער שטאָט־פּרעזידענט האָט אויך קיין זאַך ניט געהאַט קעגן דעם. אָבער אַזוי ווי אַרטור זיגעלבוים איז געווען אַ לאָדזשער איינוואוינער, האָט מען געפעלשט די דאָקו־מענטן און מע האָט אים פאַרשריבן ווי אַ מיטגליד פון וואַרשעווער שטאָט־ראָט. זיין נאָמען איז געוואָרן באַקאַנט דער נאַצישער פּאָלי־ציי. די נאַציס האָבן אים איצט געזוכט אין צוויי שטעט: אין לאָדזש און אין וואַרשע.

איבער זיין קאָפּ איז געהאַנגען די נאַצישע שווערד. אָבער חבר אַרטור האָט זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן די אונטערערדישע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. מען האָט געדאַרפט ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך. מע האָט זיך געמיט צו געבן אַ ביסל שפּייז דער יידישער באַ־

פעלקערונג וואָס האָט אָנגעהויבן צו הונגערן. האָט חבר אַרטור גע־האַלפן שאַפן קיכן פאַר יידישע אַרבעטער אין די לאָקאַלן פון די פראָ־פעסיאָנעלע פאַראייניגן. ער האָט געהאָלפן צונויפהאַלטן די גרופּע אונטערערדישע קעמפערס, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַ פירנדיקע ראָלע ביים אויפשטאַנד פון ווארשעווער געטאָ.

אַזוי ווי די פּאָליציי פון די נאַציס וויים סייווי זיין נאָמען, האָט מען אַרטורן באַשטימט אויך פאַר אַ מיטגליד פון דעם יידן־ראַט, וואָס די נאַציס האָבן געהייסן שאַפן. אַלע ביטערע באַפעלן קעגן יידן זיי־נען געגאַנגען דורך דעם יידן־ראַט. דערווייל האָבן די נאַציס געפּיי־ניקט יידן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט אויסטראַכטן. מע האָט מערדערלעך געשלאָגן יידן אויף די גאַסן, געריסן בערד, געבריקעט מיט שטיוול אין בויך, געהאַקט מיט ביקסן איבער די קעפּ און סתם גע אָסן אויף מענטש ן וואָס האָבן אויסגעזען ווי יידן. מע האָט גע־כאַפּט פון די גאַסן יידן אויף אַרבעט, און דאָס רוב געכאַפּטע זיינען שוין קיין מאָל ניט געקומען צוריק אַהיים. מע האָט געהאַלטן אין איין ראַבירן יידישע געשעפטן און יידישע וואוינונגען. מע האָט ניט דערלאָזט עס זאָל זיין שפּייז פאַר יידן. מע האָט צוגענומען פון יידישע שפּיטאָלן קוילן צום הייצן און אַפילו אַלע מעדיקאַמענטן צום היילן. אין שטאָט האָט זיך געטאָן חושך. טויזנטער יידן זיינען אומ־געקומען יעדן טאָג. די ווילדע נאַציס האָבן ניט געהאַט קיין רחמנות ניט אויף קינדער, ניט אויף אַלטע לייט. דער טעראָר קעגן יידן איז מיט יעדן טאָג געוואָרן שרעקלעכער, ברוטאַלער, אוממענטשלעכער.

## ח. „מיר וועלן אַליין אין געטאָ ניט גיין!"

יידן האָבן שוין אַלע געדאַרפט טראָגן אַ ספּעציעלן יידן־צייכן אויף דעם רעכטן אָרעם: אַ ווייסן פּאַס מיט אַ בלויען מגן־דוד. פאַר ניט טראָגן דעם מגן־דוד האָט געקומט טויט־שטראָף. אַזוי האָט מען געקאָנט שטענדיק דערקענען דעם יידן און פּייניקן אים.

יידן זיינען געווען אין די הענט פון דער נאַצישער פּאָליציי, אין די הענט פון געסטאַפּאָ. און דאָרטן האָט יעדער באַאַמטער געוואָלט אַריבערשטייגן דעם צווייטן אין ווילדער רשעות צו יידן. די געסטאַ־פּאָ האָט פאַרטראַכט אַ טייוולשע שפּיל: דער יידן־ראַט דאַרף איר

העלפן אין דערדריקן, דערשטיקן, אויסראָטן יידן. די מיטגלידער פון יידן־ראַט זיינען געווען אין דער ערגסטער לאַגע.

דריי וואָכן נאָכדעם ווי מע האָט איינגעפירט דעם יידן־ראַט, האָט די געסטאַפּאָ גערופן אַ פּלוצעמדיקע זיצונג. עס איז געווען שבת. עס זיינען געקומען נאָר 16 פון די 24 מיטגלידער. ווען די געסטאַפּאָ־לייט האָבן זיך דערוואוסט, האָבן זיי געגעבן 15 מינוט צייט, עס זאָלן קומען אַלע איבעריקע מיטגלידער און זייערע פאַרטרעטער. עס מוזן זיין 48 יידן! האָט מען צונויפגענומען יידן סתּם פון דער גאַס און פון די דערבייאיקע הייזער. האָט דער געסטאַפּאָ־אָפיציר געזאָגט:

— „אַלע יידן פון גאַנץ וואַרשע מוזן ביז דינסטאָג אין דער פרי אַרויסציען פון זייערע וואוינונגען און אַריינקלייבן זיך אין די גאַסן וואָס ווערן באַשטימט ווי דאָס געטאָ פאַר די יידן".

ער האָט איבערגעגעבן דעם פאָרזיצער אַ מאַפּע, וואו דאָס יידישע געטאָ איז געווען אָרומגעצייכנט מיט אַ רויטן בלייער. ווי אַ גאַראַנטיע אַז מע וועט דעם באַפעל דורכפירן, האָט ער גלייך אויפן אָרט אַרעסטירט די 24 כלומרשטע פאַרטרעטער פון די 24 מיטגלידער פון יידן־ראַט, און מע האָט זיי גלייך אָפּגעפירט. דאָס זיינען געווען צופעליקע מענטשן וואָס האָבן אַפילו ניט געוואוסט וואָס מע וויל פון זיי.

עס זיינען געבליבן די איבעריקע 24 יידן. עס איז שוין געוואָרן נאָענט צו 7 אין אָוונט, און שפּעטער האָט מע ניט געטאָרט גיין אויף דער גאַס. איז געבליבן מאָרגן, זונטיק פרי זיך ווידער צונויפקומען און באַשליסן וואָס מע זאָל טאָן.

אין דער פרי האָט שמואל זיגעלבוים פאָרגעלייגט:

„די קהילה זאָל זיך אָפּזאָגן פון אויספירן דעם באַפעל. מיר טאָרן ניט גיין אין געטאָ אָן אַ פּרואוו זיך צו ווערן קעגן דעם. וואָס פאַר אַ פאַראַנטוואָרטונג וועלן מיר האָבן פאַר די יידן פון היינט און פאַר אונדזערע קינדער אין דער צוקונפט? לאָמיר אַלע צוזאַמען אַוועקגיין אין געסטאַפּאָ און מעלדן: מיר קענען דעם באַפעל ניט דורכפירן. זאָל די געסטאַפּאָ טאָן מיט אונדז וואָס זי וויל".

עטלעכע מיטגלידער פון דעם ראַט האָבן געשטיצט דעם פאָרשלאָג. אָבער די אַנדערע האָבן געטענהט: אויב יידן וועלן עס ניט דורכפירן, וועלן די ווילדע נאַציס מיט גוואַלד אַרויסוואַרפן פון די

הייזער, מע וועט שלאָגן, מע וועט שעכטן יידן, מע וועט צורויבן זייע־רע לעצטע זאַכן.

מע האָט באַשלאָסן זיך ווענדן צום הויפּט־גענעראַל פון דער נאַ־צישער אַרמיי אין וואַרשע, כאָטש יידן זיינען געווען אין די הענט פון דער שרעקלעכער געסטאַפּאָ און האָבן ניט געטאָרט זיך קלאָגן אויף איר. דער גענעראַל האָט פון דער גאַנצער זאַך ניט געוואוסט און האָט געהייסן דערוייל גאָרניט טאָן. אָבער ווען דער קהילה־ראַט האָט אויסגעהערט וואָס די דעלעגאַציע דערציילט, האָבן זיך אַריינ־געריסן געסטאַפּאָ־לייט, צוגענומען דעם פּאָרזיצער, אים געסטראָשעט און געוואַלדעוועט: יידן מוזן דורכפירן זייער באַפעל.

קיין ציימונגען און קיין ראַדיאָס זיינען ניט געווען. אָבער יידן האָבן דאָך זיך דערוואוסט די שרעקלעכע נייס. עס איז געוואָרן אַ גרויסע פּאַניק. טויזנטער, טויזנטער זיינען געלאָפן צו דער קהילה־געביידע, וואו עס איז געזעסן דער יידן־ראַט. אין מיטן טאָג איז די אויפרעגונג געוואָרן אַזוי גרויס, אַז עס האָט זיך געדאַכט: ס'וועט ווערן אַזאַ פּאַניק אַז מע וועט צעטראָגן די געביידע, יידן וועלן צע־טרעטן איינע די אַנדערע.

חבר אַרטור איז אַרויס אויף דער גאַס און גערעדט צו די טויזנ־טער פאַרצווייפלטע יידן. ער האָט געמוטיקט און געטרייסט, ער האָט געוועקט די מענטשלעכע ווערדע און גערופן:

„בלייבט אין אייערע וואוינונגען, ביז מע וועט ניט אַרויסוואַרפן מיט גוואַלד. קיינער זאָל אַליין אין געטאָ ניט גיין!"

דער יידן־ראַט האָט ווידער געהאַט אַ זיצונג. די מערהייט האָט זיך געשראָקן פאַר אַ גרויס אומגליק, טאָמער וועט מען אַליין ניט גיין אין געטאָ. האָט מען באַשלאָסן: פונאַנדערשיקן יונגעלייט איבער די יידישע הייזער און זיי זאָלן אָנזאָגן וועגן דער געטאָ־גזירה.

איז אויפגעשטאַנען חבר אַרטור און האָט געמאָלדן:

„עס איז געפאַלן אַ היסטאָרישער באַשלוס. איך בין, ווייזט אויס, געווען צו שוואַך כדי אייך צו איבערצייגן אַז מיר טאָרן דאָס ניט טאָן. איך פיל אָבער ביי זיך ניט גענוג כוחות צו קאָנען נעמען אַן אָנטייל אין דעם. איך פיל אַז איך וואָלט ניט געהאַט קיין רעכט צו לעבן ווייטער, אויב דאָס געטאָ זאָל איינגעפירט ווערן און מיין קאָפּ זאָל דערביי בלייבן גאַנץ. איך דערקלער דעריבער אַז איך זאָג זיך אָפּ

פון יידן־ראַט. איך ווייס אַז דער פּאָרזיצער מוז וועגן דעם מעלדן דער געסטאַפּאָ און איך רעכן זיך מיט די רעזולטאַטן פאַר מיר פּערזענלעך. איך קאָן אָבער אַנדערש ניט טאָן".

די ווערטער האָבן אַלעמען אויפגעטרייסלט. אַנדערע האָבן זיך צעוויינט. די מיטגלידער פון ראַט האָבן באַשלאָסן קיין זאַך ניט צו טאָן וועגן געטאָ.

## ט. חבר אַרטור פּאַרלאָזט וואַרשע

עס איז געשען אַזוינס וואָס קיינער האָט זיך אויף דעם ניט גע־ריכט. די גזירה וועגן געטאָ אין וואַרשע האָט די געסטאַפּאָ איבער־עפּעס אַ סיבה אָפּגעלייגט אויף אַ פּאָר חדשים. אָבער צו יידישע צרות איז קיין סוף ניט געווען. ווידער אַרעסטן, שלעפּן אויף אַרבעט. קלעפּ, פּייניקונגען, אָפּשפּאַטונגען, ווילדע, שווידערלעכע סצענעס אויף די גאַסן, ווען מע טייט קינדער און פרויען, יונג און אַלט. און תּליות אויף די גאַסן! און דאָס פּסדרדיקע צוטרייבן דאָס לעצטע שטיקל ברויט. און מע טרייבט יידן פון די אַנדערע שטעט אין וואַרשע. און עפּידעמיעס וואָס מאַכן אָן אַ חורבן. און טויט, טויט אויף יעדן ווינקל, אין יעדער שטוב. דער הונגער ווערט גרעסער, די קראַנקייטן שווע־רער, און די פאַרצווייפלונג וואַקסט.

חבר אַרטור און זיינע חברים פון דער אונטערערדישער באַוועגונג מיען זיך צו העלפן, צו טרייסטן, צו דערמוטיקן, אויפצוהאַלטן די מענטשלעכע ווערדע. חבר אַרטור זעט: אַז וואו ער גייט — שפּירט מען אים נאָך. הייסט עס, מע וויל אים ניט גלייך אַרעסטירן, נאָר דורך זיינע פאַרבינדונגען זיך דערוויסן, וועד עס איז אין דער אונטער־ערדישער באַוועגונג. ער היט זיך, מיט אַלע קונצן זוכט ער זיך אַרויסצודרייען פון די וואָס שפּירן אים נאָך. אָבער וואו ער גייט און וואו ער שטייט — באַמערקט ער „דעם שאָטן", דעם שפּיאָן פון געסטאַפּאָ וואָס גייט אים נאָך.

די חברים פון אונטערערדישן „בונד" באַשליסן אַז עס איז גלייכער, שמואל זיגעלבוים זאָל אַוועק פון פּוילן. זאָל ער זען זיך אַרויס־צוקריגן פון דעם אומגליקלעכן לאַנד און איבערגעבן דער וועלט וועגן די אַלע שרעקלעכע געשעענישן, וועגן דעם ווי די נאַציס פאַרהונגערן,

פּאַרפּייניקן, ראַטן אים די יידישע באַפעלקערונג פון ווארשע און פון פוילן. האָט מען גענומען אויסאַרבעטן פאַרשידענע פאַנטאַסטישע פּלענער, ווי אַזוי שמואל זיגעלבוים זאָל זיך אַרויסראַטעווען פון פוילן.

איין פּלאַן איז געווען אַז שמואל זיגעלבוים זאָל קריגן אַ פּאַס פון אַ טערק, וואָס איז אַ בירגער פון אַרגענטינע, האָט געוואוינט אין פּאַריז און פאַרט קיין קוראַסאַ. דעם פּלאַן האָט מען געמוזט פאַר־וואַרפן, ווייל דער „טערק" האָט ניט געקענט קיין וואָרט טערקיש, קיין וואָרט פראַנצויזיש און אויך ניט קיין שפּאַניש. אַ צווייטער פּלאַן איז געווען, מע זאָל אַרויסלאָזן אַ קלאַנג אַז אַרטור איז גע־שטאָרבן, מקבר זיין אַ מת און דורכפירן אַרטורס לוויה, דערנאָך אַרויספאָרן פון פוילן אויף אַ פאַלשן פּאַס. אָבער מען האָט דעם „מת" צו גוט געקענט אין ווארשע; מע וואָלט אים דערקאַנט ערגעץ נאָך זיין „קבורה". און דער קלאַנג וועגן דעם אויסטערלישן פּאַל וואָלט דערגאַנגען צו דער געסטאַפּאָ. לסוף האָט מען זיך אָפּגעשטעלט גאָר אויף אַ „פּשוטן" פּלאַן. שמואל זיגעלבוים האָט זיך צופעליק באַקענט מיט אַ האָלענדישן זשורנאַליסט וואָס איז געקומען זען וואָס עס טוט זיך אין דעם איינגענומענעם פוילן. דער זשורנאַליסט האָט באַקומען פאַר אים אַ האָלענדישע וויזע (דער קאָנסול האָט אַזעלכע וויזעס ניט געטאָרט געבן אָן דער דערלויבעניש פון דער האָלענדישער רעגירונג). אַן אונטערגעקויפטער באַאַמטער פון געסטאַפּאָ האָט אונטערגערוקט זיין הויפּט אַ פּאַפּיר וואָס גיט דאָס רעכט אַרויסצופאָרן פון פוילן — שמואל זיגעלבוימען. הייסט עס אַז ער וועט פאָרן אונטער זיין אמתן נאָמען!

דער פּלאַן איז געווען זייער אַ ריזיקאַלישער, אָבער עס איז ניט געווען וואָס צו פאַרלירן. שמואל זיגעלבוים האָט באַקומען אַ פאַר־בעטונג צו קומען אין געסטאַפּאָ. אַלע האָבן געוואוסט מיט וואָס דאָס שמעקט. מען האָט געמוזט גלייך אַנטלויפן.

ביי בערנאַרד גאָלדשטיין אין צימער — ער איז געווען דער הויפּט פון דעם אונטערערדישן „בונד" — האָבן זיך צונויפגעקליבן עטלעכע פריינד. מע האָט זיך געזעגנט מיט אַרטורן. מע האָט גערעדט וועגן דעם וואָס אַרטור דאַרף טאָן אין דעם פרייען אויסלאַנד, אויב ער וועט קומען אַהין אַ גאַנצער. בערנאַרד גאָלדשטיין האָט אים אַרומגענומען און געזאָגט:

— „מאָרגן פאַרטאָג לאָזטו זיך אין וועג אַריין. דו ביסט אַ מזל־דיקער יאָט. איך בין זיכער אַז דיר וועט עס געלינגען. זע, פאַרגעס ניט וועגן אונדז...״

ס׳האָט גענומען גרויען אויף טאָג. אין דעם ענגן צימערל האָבן שמואל און זיין ווייב מאַניע געפּאַקט די זאַכן מיטצונעמען אין וועג. דער נײַן־יאָריקער אַרטיק איז געלעגן אין זיין בעטל און געשלאָפן, אָדער זיך געמאַכט שלאָפנדיק. ער האָט געוואוסט אַז מע מוז זיין שטיל, אַז מע טאָר ניט פרעגן קיין פראַגעס. די פרוי האָט זיך געמיט ניט אַרויסצואווייזן איר זאָרג, איר שרעק. אָבער אין איר בליק איז געווען געווען געוויינט. זי איז געשטאַנען אַ פאַרגליווערטע און מיט ברייט צעעפנטע אויגן געקוקט אויף איר מאַן, ווי זי וואָלט געוואָלט איינקריצן אין זיך זיין יעדע באַוועגונג. דער מאַן האָט זיך אומגעדרייט. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ דערשראָקענעם „אַך״!. אָבער זי האָט גלייך אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ מאַסקע פון רואיקייט און אַ זאָג געטאָן:

— „שטיי ניט אַזוי און קוק ניט אויף מיר. האָסט דען צייט צו שטיין? מע וועט באַלד קומען נאָך דיר!״

עטלעכע שטילע קלעפּ אין טיר. דאָס האָט געקלאַפּט דער פּוילישער חבר וואָס האָט געדאַרפט מיט זיגעלבוימען פאָרן ביז צו דער גרענעץ פון פּוילן, כּדי מע זאָל וויסן, צי עס האָט זיך טאַקע איינגעגעבן אַרויסצוכאַפּן זיך. ער האָט אויך געזאָלט זיין אַ הילף אין מי־נוטן פון סכּנה. די קלעפּ זיינען אויך געווען אַ סיגנאַל, אַז די גאַס איז „ריין״, מע זעט ניט דערווייל קיין שפּיאָן פון געסטאַפּאָ.

## י. די געפערלעכע נסיעה

אויף דער גאַס האָט שוין געוואַרט אַ דראָזשקע, דאָס ביידל איז געווען אויפגעשטעלט. די ביידע חברים האָבן זיך אַריינגעזעצט און אָן שטערונגען איז מען דערפאָרן צום וואָקזאַל. דער פּוילישער חבר האָט געקויפט דעם בילעט — קיין קראָקע. אייגנטלעך איז דאָס געווען אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, קיין דרום, בעת דער ציל פון דער רייזע איז געווען קיין צפון. אָבער דער דירעקטער וועג איז געווען אוממעגלעך. די באַן האָט געזאָלט אַוועקגיין ניין אין דער פרי־

ארויסגעוויזן האָט זיך אַז אַ גאַנצן טאָג האָט מען געמוזט וואַרטן אויפֿן קאַלטן וואָקזאַל און שפּעטער אין דרויסן. דער טומל אַרום איז געווען שרעקלעך. טויזנטער האָבן געוואָלט פֿאָרן. און דאָ גייען אַרום נאַצים און זוכן יידן, שלעפּן אַרויס יידן, שלאָגן זיי, פּייניקן ז״י. שווידערלעכע סצענעס זיינען געבליבן אין זכרון פֿון אָט דעם טאָג.

חבר אַרטור איז געשטאַנען די גאַנצע צייט צווישן פּאָליאַקן. געווען אַזעלכע וואָס האָבן דערקאָנט אַז ער איז אַ ייד, נאָר זיי האָבן אים ניט אַרויסגעגעבן. שפּעט אין אָוונט איז אָנגעקומען די באַן. ווידער האָבן נאַצים געזוכט יידן, ווידער האָט מען געוואָרפֿן יידן, וואָס האָבן זיך פֿריער אַרויסגעדרייט פֿון די נאַצישע הענט. ענדלעך האָט די באַן זיך גערירט פֿון אָרט.

די באַן האָט זיך געשלעפּט. נאָך פֿינף שעה פֿאָרן האָט מען זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ סטאַנציע און מע האָט ווידער געזוכט יידן. די וואָס מע האָט געפֿונען האָט מען אַרויסגעוואָרפֿן, געשלאָגן, אויסגעטאָן כמעט נאַקעט און געטריבן צוריק קיין וואַרשע אָדער פֿאַרשלעפּט אין לאַגערן. ווען מע האָט געזוכט אין וואַגאָן, וואו אַרטור איז געזעסן, האָט זיך דערהערט אַ שטים האַלב אויף פּויליש, האַלב אויף דייטש:

— „ביי אונדז זיינען קיין יידן ניטאָ, סאַמע אייגענע!"

דאָס איז געווען דער פּוילישער חבר וואָס האָט שוין ניט איין מאָל פֿאַרשטעלט אַרטורן און אים געראַטעוועט דורך דעם. דאָך האָבן דריי דייטשן אַריינגעקוקט יעדן פּאַסאַזשיר אין פּנים אַריין. ווען זיי האָבן באַטראַכט אַרטורן, האָט ער אויפֿגעהויבן אויף זיי אַ פּאָר פֿאַרזאָרגטע אויגן, גלייך ווי ער וואָלט געפֿרעגט, וואָס זיי ווילן פֿון אים. ס׳איז דורכגעגאַנגען גלאַט. אָבער אַ פּאָר מינוט איידער די באַן האָט געדאַרפֿט זיך רירן פֿון אָרט, האָט אַ דייטש אים אַ כאַפּ געטאָן פֿאַרן אָרעם, צוגעשלעפּט צו דער טיר און אַרויסגעוואָרפֿן פֿון וואַגאָן.

אַרטור האָט זיך אויפֿגעהויבן און זיך געלאָזט גיין לעבן די וואַגאָנען. אַן אַנדער דייטש איז געקומען אַנטקעגן, אָבער ער האָט ניט דערקענט אַז אַרטור איז אַ ייד (ער האָט דעם מגן־דוד אויפֿן אָרעם ניט געטראָגן — זיין פּוילישער חבר האָט דעם צייכן אַראָפּגעריסן פֿון אים) און אים אַריינגעלאָזט צוריק אין וואַגאָן. דער וויטערדיקער וועג קיין קראָקע איז דורך אָן גרויסע שרעקן.

אין קראָקע אויפֿן וואָקזאַל איז ווידער געקומען די סכּנה. אָבער דאָ האָט געהאָלפֿן דאָס פֿאַלשע פּאַפּיר וואָס אַרטור האָט געהאַט. ער האָט געוויזן אַז ער האָט רעכט צו פֿאָרן קיין האָלאַנד. די נאַציס האָבן זיך שטאַרק געוווּנדערט, אָבער זיי האָבן געזאָגט:

— „מע וועט שוין זען אויף דער גרענעץ!" — און אים געהייסן גיין.

אין קראָקע האָט אַרטור ניט געפֿונען זיינע חברים וואָס ער האָט געזוכט. ער האָט אָבער זיך דער לאָגן צו אַ ווייטן קרובֿ, וואו מע האָט אים אויפֿגענומען ווי אַ ברודער. נאָך דריי טעג הונגערן און מאַטערן זיך האָט ער געקאָנט אַ ביסל שלאָפֿן. אין קראָקע איז ער אַוועק צום האָלענדישן קאָנסול און זיך דערוואוסט אַז דער זשורנאַ־ליסט וואָס האָט געזאָלט פֿאָרן צוזאַמען מיט אים קיין האָלאַנד פֿאַר־בלייבט גאָר דערווייל אין פּוילן. וואַרטן אויף אים צוויי וואָכן האָט אַרטור ניט געקאָנט. ער איז געקומען קיין קראָקע גראָד דעמאָלט ווען די נאַציס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט אויסרויבן נאָך אַ מאָל אַלע יידישע קראָמען. ווידער איז געווען אַ סכּנה דאָס צופֿאָרן צום וואָק־זאַל. ביי דער גרענעץ מיט דייטשלאַנד האָט אַרטור זיך געשיידט מיט זיין פּוילישן חבר. ער איז געבליבן אַליין אין דער נאַצישער וועלט.

אַרטור האָט זיך אַליין געוווּנדערט וואָס די דייטשן ביי דער גרענעץ האָבן געהאַט דרך־ארץ פֿאַר זיינע דאָקומענטן. אין בערלין האָט ער געשפּרייזט איבער די גאַסן און ניט געהאַט וואו זיך אַהינצו־טאָן. עס איז געווען אַ ווייטאָג צוצוזען אַז די שטאָט האָט דערווייל נאָרניט געליטן פֿון דער מלחמה. ער איז געווען הונגעריק. אָבער מיט זיך האָט ער געהאַט נאָר צען מאַרק, ווייל מער האָט מען ניט געטאָרט אַרויספֿירן, און דאָס געלט איז געווען צו קויפֿן שפּעטער אַ בילעט. האָט דער הונגער אים געפּייניקט.

די נסיעה פֿון בערלין ביז צו דער האָלענדישער גרענעץ איז גע־ווען אָן געפֿאַר. עס איז אָבער אויסגעקומען צו הערן באַרימערייען פֿון סאָלדאַטן, ווי אַזוי זיי באַרויבן און זיי פּייניקן יידן. ביי דער גרענעץ האָבן אים גענומען אויף פֿאַרהער די נאַצישע באַאַמטע. זיי האָבן זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי אַ ייד האָט אַזעלכע פּאַפּירן. נאָך

זייער אַ לאַנגן פאַרהער, האָט דער הויפּט־באַאַמטער אַ לאַך געטאָן און אים דערלאַנגט זיינע פּאַפּירן:

— „אַ גליקלעכע רייזע...״

שמואל זיגעלבוים האָט טאַקע זיך שוין גערעכט אַז זיינע צרות ענדיקן זיך. די באַן האָט אים שוין אַריינגעפירט קיין האָלאַנד. אַ האָלענדישער באַאַמטער האָט באַקוקט דעם פּאַס, די וויזע און האָט אַרויסגעזאָגט אַ פּאָר ווערטער וואָס האָבן געקלונגען ווי אַ טויט־אורטייל:

— „איר מוזט צוריקפאָרן״.

אַרטור האָט זיך געבעטן, האָט זיך געהיצט, האָט געשריען אַז מע שיקט אים צוריק צו אַ זיכערן טויט. קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן. די וויזע איז ניט געווען קיין גילטיקע, און דער באַאַמטער, מיט דער הילף פון אַ פּאָליציסט, האָבן אים אַריינגעשטופּט אין אַ באַן וואָס איז געפאָרן צוריק קיין דייטשלאַנד. דעם געסטאַפּאָ־מאַן אויף דער דייטשער גרענעץ האָט אַרטור געזאָגט אַז אין זיינע פּאַפּירן איז נאָר געווען אַ קליינער טעות. ער וועט אין דער פרי ביים אָרטיקן קאָנסול עס פאַרריכטן און פאָרן צוריק. ער האָט געמוזט אַוועק פון וואָקזאַל און קוים מיט צרות געפונען אַן אָרט וואו איבערצונעכטיקן. ער האָט ווידער ניט געגעסן. אין דער פרי איז ער געווען טויט הונגעריק. ער האָט אויסגעבעטלט אַ טעפּעלע קאַווע ביים דייטש פון האָטעל. דער אָרטיקער האָלענדישער קאָנסול איז געווען אַ נאַצי. ווען ער האָט געזען אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ יידן, האָט ער אים ניט געוואָלט העלפן. אַרטור האָט געמוזט צוריקפאָרן.

וואוהין? פאַר דעם ביסל געלט וואָס איז אים געבליבן נאָכן באַצאָלן פאַרן האָטעל, האָט ער געקויפט אַ בילעט צו פאָרן אין אַ נאָנטער שטאָט. ער האָט אויסגעקליבן די שטאָט, ווייל ער האָט צופעליק געהאט אַן אַדרעס פון אַ פּאָליאַק וואָס האָט דאָרטן געוואוינט. יענער האָט אים געגעבן געלט צו פאָרן קיין בערלין. אין בערלין האָט אַרטור אויפגעזוכט אַ קרוב פון דער בונדישער טוערין, וואָס ער איז אַנשטאָט איר געוואָרן דער נאַצישער משכּון. דער ייד האָט אים באַהאַלטן אַ וואָך צייט.

דורך דער בעלגישער אַמבאַסאַדע האָט אַרטור זיך פאַרבונדן מיט סאָציאַליסטישע פירערס אין בעלגיע. זיי האָבן באַקומען פאַר

אים אַ בעלגישע וויזע. ווידער האָט מען געדאַרפט מיט שרעק און מאַטערניש דורכפאָרן דייטשלאַנד. אויף דער דייטש-בעלגישער גרעניץ האָבן די געסטאַפּאָ-לייט זיך געמאַכט אַ „שפּיל": זיי פלעגן ביז בלוט צעשלאָגן יעדן ייד וואָס זיי האָבן געמוזט אַרויסלאָזן פון דייטשלאַנד, ווייל דער ייד האָט געהאַט אַ גילטיקע וויזע. אַ צעקלאַפּטער, אַ צעבלוטיקטער, אָבער אַ גליקלעכער וואָס ער האָט זיך דאָך אַרויסגעריסן פון די נאַצישע הענט, איז אַרטור סוף-כל-סוף אָנגעקומען קיין בעלגיע.

## יא. חבר אַרטור קלאָגט אָן פאַר דער וועלט די נאַצישע רוצחים

דער שליח פון די יידישע אַרבעטער אין פוילן האָט גענומען אויספירן זיין שליחות: דערציילן, וואָס גענויער דערציילן וועגן די שרעקלעכע רציחות פון די נאַצים. ער איז געקומען צום סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט געהאַט אַ זיצונג אין בריסל, און האָט דאָרטן דערציילט אַלץ וואָס זיינע אויגן האָבן געזען אין פאַרלויף פון די ערשטע חדשים פון נאַצישער הערשאַפט איבער פוילן.

אַרטורס רייד האָבן געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק. מע האָט זיך דערוואוסט וועגן אַזעלכע גרוילן וואָס מע האָט זיך גאָרניט געקענט פאָרשטעלן. מע האָט דערזען דעם אָפּגרונט אין וועלכן היטלער וואַרפט אַריין די באַזיגטע פעלקער. עס איז געוואָרן קלאָר אַז היטלער האָט אויף אַן אמת זיך פאַרמאָסטן אויסצוראָטן אַלע יידן. אַרטור איז אַרומגעפאָרן פריער איבער בעלגיע און דערנאָך איבער פראַנקרייך און האָט אומעטום אָנגעקלאָגט פאַר דער וועלט די ווילדע רוצחים. דערנאָך איז ער געקומען קיין אַמעריקע און האָט דאָ ווייטער געשריבן און גערעדט וועגן די איבערלעבונגען פון די אומגליקלעכע יידן אין פוילן. ער האָט אָבער ניט בלויז גערעדט וועגן דער נאַצישער אוממענטשלעכקייט. ער האָט אויך שטענדיק דערמאָנט:

„ס'איז צו שטוינען און צו באַוואונדערן: יידן אין פוילן טראָגן אַריבער זייערעליידן מיט אַזאַ ווערדע און שטאָלץ, וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט קיין גלייכן צו זיך אין דער וועלט".

אין לאָנדאָן האָט דערווייל זיך געשאַפן אַ פּוילישע גלות-רעגירונג

מיט אַ פּוילישן גלות־פּאַרלאַמענט. האָט מען אים געשיקט קיין לאָנדאָן ווי דעם פאָרשטייער פון „בונד" אין אָט דעם גלות־פּאַרלאַ־מענט. אַ יאָר צייט איז ער געזעסן אין לאָנדאָן און האָט כּסדר גע־מאָנט פון דער פּוילישער גלות־רעגירונג, מע זאָל עפּעס טאָן אָפּצו־שטעלן די שחיטות אויף יידן. ער האָט געפאָדערט, מע זאָל בעטן אַלע רעגירונגען און לענדער וואָס פירן די מלחמה קעגן היטלערן: אַרבעט אויס פּלענער וועגן ספּעציעלע אַקטן קעגן דייטשלאַנד וואָס זאָלן אָפּהאַלטן פון סיסטעמאַטישן אויסראָטן יידן! סטראַשעט מיט באָמבאַרדירן דייטשישע שטעט, און זאָלן עראָפּלאַנען וואַרפן איבער דייטשלאַנד מיליאָנען צעטלען מיט באַשרייבונגען פון די אוממענטש־לעכע רציחות. זאָלן אַלע פעלקער און רעגירונגען פאַרעפנטלעכן אַ באַזונדערן פּראָטעסט קעגן אומברענגען אַ גאַנץ פאָלק. זאָל מען וואָרנען די דייטשן אַז זיי וועלן שפּעטער טייער באַצאָלן פאַר היטלערס רציחות.

כּסדר, כּסדר האָט אַרטור עס געמאָנט. ער האָט עס געמאָנט פון דער פּוילישער גלות־רעגירונג. ער האָט וועגן דעם גערעדט אויף פאַרזאַמלונגען פון ענגלישע אַרבעטער. ער האָט געוועקט און גע־מאָנט. מיט זיין מויל האָבן פּוילישע יידן געשריען צו דער וועלט נאָך הילף:

„שטעלט אָפּ די מערדערישע האַנט!"

מע איז געווען נאָך זייער ווייט פון באַזיגן היטלערן. אַנדערע האָבן אויך ניט געוואָלט אַז די מלחמה קעגן היטלערן זאָל אויסזען ווי אַ מין „יידישע" מלחמה, מע נעמט זיך, הייסט עס, אָן נאָר פאַר יידן. חבר אַרטור האָט גערופן, האָט געשריען, האָט געמאָנט, האָט געוואָרנט אַז דער משוגענער היטלער וועט אומברענגען אַלע יידן אונטער זיין הערשאַפט. מע האָט מיטגעפילט, אָבער מע האָט קיין זאַך נישט געטאָן אָפּצושטעלן די בלוטיקע האַנט פון נאַצישן מערדער.

און אין לאָנדאָן זענען דורך אונטערערדישע פאַרבינדונגען אָנ־געקומען אַלץ שרעקלעכערע און שרעקלעכערע נייעס. היטלער האָט איינגעשטעלט גאַז־קאַמערן! מע ברענגט אום צענדליקער טויזנטער, הונדערטער טויזנטער יידישע מענער, פרויען און קינדער! אַרטור האָט נישט געקאָנט רואיק זיין קיין איין רגע, האָט נישט געקאָנט

שלאָפֿן, האָט ניט געקאָנט שווייגן. און ער האָט דורכן לאָנדאָנער ראַדיאָ גערופֿן צו דער וועלט:

„שטעלט אייך פֿאָר דאָס גרויזאַמע פֿאַרברעכן פֿון פּלאַנמעסיקן אויסראָטן אַ גאַנץ פֿאָלק! יעדערער פֿון אונדז וואָס באַנעמט דעם גרויל פֿון אַזאַ פֿאַרברעכן מוז אַרומגעכאַפּט ווערן מיט אַ געפֿיל פֿון חרפּה וואָס ער געפֿינט זיך נאָך צווישן די לעבעדיקע."

חבר אַרטור האָט געטענהט, אַז אויב מע טוט ניט אַלץ אָפּ־צושטעלן די רציחות, טראָגט מען אויך אויף זיך אַ שולד פֿאַר זיי. ער האָט זיך גענומען מיט זיינע געפֿילן אָנצושטעקן די וועלט:

„די מאַסן־גריבער, וואו מע שליידערט אריין יעדן טאָג טויזנטער יידישע פֿרויען, קינדער און זקנים, זענען ברענענדיקע וואונדן וואָס יעדער אָנשטענדיקער מענטש מוז פֿילן ווי אַ פּיין און אַ שענדונג קעגן אים אַליין!"

די נייעס פֿון פּוילן זענען געוואָרן אַלץ שרעקלעכער. מיליאָנען יידן קומען אום. און חבר אַרטור שרייט אויס:

„אַלץ, אַלץ ענדיקט זיך! עס איז דאָך ניט מעגלעך מיט דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין צו אַרבעטן, צו לעבן!"

# יב. דער לעצטער אַקט

מיט פֿיר הונדערט יאָר צוריק האָט געלעבט אַ וואונדערלעכער יונגער ייד, שלמה מולכו. ער האָט געזאָגט:

„ווער עס וויל לעבן ווי ער וויל — דאַרף שטענדיק זיין גרייט צו שטאַרבן".

ער איז געווען אַן אָנוס, אַ פֿאַרבאַהאַלטענער ייד, האָט אַראָפּגע־וואָרפֿן פֿון זיך די פֿאַרשטעלעניש און איז פֿאַרברענט געוואָרן פֿון דער אינקוויזיציע.

חבר אַרטור האָט שוין אין אָנהייב פֿון היטלערס הערשן געזאָגט:

„די פֿולשטענדיקע גרייטקייט צו שטאַרבן גיט איבערמענטש־לעכע כּוחות צו קאָנען קעמפֿן פֿאַרן לעבן".

און ער האָט געקעמפֿט, כּל־זמן ער האָט געפֿילט אַז דאָס קעמפֿן פֿאַרן לעבן האָט אַ זינען. איצט האָט ער גענומען פֿילן אַז זיין לעבן

איז פאַרבונדן מיטן לעבן פון די יידן פון פוילן וואָס ער איז זייער שליח. און פאַר יידן אין לאָנדאָן האָט ער געזאָגט:

„אויב דאָס פּוילישע יידנטום זאָל אונטערגיין, פּיל איך אַז איך האָב נישט קיין רעכט צו בּלייבן לעבן".

און טאַקע, מיט וואָס זאָל ער זיין אַנדערש? און אַט קומט אַ שליח פון פוילן, אַ פּאָליאַק, און גיט איבער וועגן די לעצטע קאַמפן פון וואַרשעווער געטאָ, וועגן לעצטער אויסראָטונג. ער גיט איבער דעם לעצטן רוף פון די וואָס זענען שוין אומגעקומען:

„זאָל מען ניט רוען, זאָל מען אויפשטורעמען די וועלט, זאָל מען ניט עסן און ניט טרינקען, זאָל מען פּאָמעלעך אויסגיין איבער דער גלייכגילטיקייט פון דער וועלט. דאָס וועט אפשר אויפטרייסלען דאָס געוויסן פון דער וועלט".

וואָס האָט ער, אַרטור, שוין ניט געטאָן? האָט ער ניט גענוג גערופן צו דער וועלט? ווי מאַכט מען, מע זאָל דערהערן דעם ווייגעשריי פון די קדושים?

און חבר אַרטור באַשליסט זיך צו ברענגען פאַר אַ קרבן. די נאַכט צווישן דעם 11טן און 12טן מאַי, 1943, שרייבט חבר אַרטור אַ צאָל בריוו. ער שרייבט אַ לענגערן בריוו צום פּרעמיער-מיניסטער און צום פּרעזידענט פון דער פּוילישער גלות-רעגירונג. ער רעכנט אויס אַלץ וואָס די נאַציס האָבן אָפּגעטאָן מיט יידן אין פוילן. ער וואַרפט פאַר, וואָס מע האָט ניט געמאַכט קיין ממשותדיקע באַמיאונגען אָפּצושטעלן דאָס פאַרברעכן. און ער שרייבט:

„איך קאָן ניט בלייבן שטיל. איך קאָן ניט לעבן, ווען די רעשטלעך פון יידישן פאָלק אין פוילן, וואָס איך בין זייער פאָרשטייער, ווערט אומגעבראַכט. מיינע חברים אין וואַרשעווער געטאָ זיינען געשטאָרבן מיט געווער אין האַנט. עס איז מיר ניט באַשערט צו שטאַרבן אַזוי ווי זיי, צוזאַמען מיט זיי. אָבער איך געהער צו זיי און צו זייערע מאַסן-קברים. מיט מיין טויט וויל איך אויסדריקן דעם שטאַרקסטן פּראָטעסט קעגן דער פּאַסיווקייט פון דער וועלט וואָס האָט זיך צוגעקוקט און דערלאָזט די אויסראָטונג פון יידישן פאָלק. אפשר וועל איך מיט מיין טויט מיטהעלפן, עס זאָל געבראָכן ווערן די גלייכגילטיקייט... מיין לעבן געהערט צום יידישן פאָלק אין פוילן און דערפאַר גיב איך עס אים אַוועק".

און ער האָט אין אַ בריוו זיך געזעגנט מיט זיינע חברים און פריינד:

„די רעשטלעך פון אונדזער פאָלק אין פוילן גייען היינט אוים און איך בין נים אין שטאַנד צו ראַטעווען כאָטש איינעם פון זיי. איך האָב אַ חוב צו צאָלן צו די אַלע וואָס איך האָב איבערגעלאָזט, ווען איך בין אַרויסגעפאָרן פון וואַרשע אין 1940. איך קאָן נים לעבן אָן זיי. איך נעם זיך דאָס לעבן ווי אַ דעמאָנסטראַציע פון פראָ־טעסט, וואָס די דעמאָקראַטישע פעלקער און רעגירונגען האָבן גאָר־נישט געטאָן אָפּצושטעלן די אויסראָטונג פון יידן אין פוילן. אפשר וועט מיין טויט דערגרייכן דאָס וואָס איך בין נים געווען אין שטאַנד צו דערגרייכן מיט מיין לעבן".

און ער האָט אין אַ בריוו זיך געזעגנט מיט גאָר נאָענטע פריינד און געבעטן איבערגעבן זיין פרוי און זיינע קינדער, זיי זאָלן אים מוחל זיין... אָבער זיין פרוי, זיין טאָכטער און זיין יינגסטער זון אַרטיק זענען געווען צווישן די אומגעקומענע. געראַטעוועט זיך האָט נאָר זיין עלטסטער זון יוסף־לייב וואָס וואוינט איצט אין אַמעריקע.

חבר אַרטור האָט געלאָזט זיין צוואה, מע זאָל זען ראַטעווען כאָטש די לעצטע רעשטלעך יידן — און האָט זיך גענומען דאָס לעבן.

חבר אַרטור האָט זיך געבראַכט פאַר אַ קרבן. דער לעצטער אַקט זיינער האָט אויפגערודערט די יידישע וועלט און האָט געהאַט אָן אָפּ־קלאַנג אויך צווישן די פּוילנדיקע און געוויסנדיקע נישט־יידן. אסך שרייבערס און פּאָעטן האָבן באַווײנט און פאַרהערלעכט דעם קרבן. ס'איז געווען אָן אַקט אַ סימבאָל פון פּראָטעסט און פון מענטשלעכן שטאָלץ. ס'איז אַ העלדישער אַקט, אַ היסטאָרישער אַקט.

...טאָ לאָמיר איצט לאָזן די ווערטער,
און בייגן די קעפּ און נים ריידן.

(ז. סעגאַלאָוויטש).

## פון דעם זעלביקן מחבר

•

**אַלע מאַמעס זיינען שיין**

ניו־יאָרק, 1937.

**דער יידישער פּויפּס**

ניו־יאָרק, 1947.

**דוד הראובני און שלמה מולכו**

ניו־יאָרק, 1941.

**ד ע ר  ר מ ב "ם**

ניו־יאָרק, 1947.

## פון די אַרויסגעבער:

די פאַמיליע פון אַלטער ראָזענטאַל האָט באַשלאָסן, צו פאַר־אייביקן דעם נאָמען פון זייער פאַרשטאָרבענעם מאַן, פאָטער און ברודער, דורך שאַפן אַ פאָנד אויף זיין נאָמען, אַרויסצוגעבן יידישע קינדער־ליטעראַטור.

אין הסכם מיטן געשלאָסענעם אָפּמאַך צווישן דער משפחה ראָזענטאַל און דער „געזעלשאַפט קולטור און הילף א. נ. אַרטור זיגעלבוים", וואָס פאַרוואַלטעט מיטן דאָזיקן פאָנד, דערשיינט דאָס ערשטע בוך צום 5טן יאָרצייט.

מיר גלויבן, אַז אונדזערע קינדער וועלן לייענען די „היסטאָרישע געשטאַלטן", מיט גרויס ליבשאַפט און דאַנק פאַר דעם מחבר יודל מאַרק.



וועגן אַלע ענינים פון דעם „אַלטער ראָזענטאַל־פאָנד", דאַרף מען זיך פאַרשטענדיקן אויפן אַדרעס:

S. ZYTNICKI

Boulogne Sur Mer 385, 2º p. Dep. A

BUENOS AIRES Rep. Argentina

